יוד לאַמעד מאַלאַמוט

# מיט׳ן פּנים צו דער זון

הקדמה: דר. א. א. ראָבאַק

צייכנונגען: קאָוונער־גראַדסקי

פאַרלאַג — מאַלאַמוט
לאָס אַנגעלעס, קאַליפאָרניאַ
1953

# MITTEN PONEM TZU DER ZUN

Verses, Humor, Satire and Parodies

**By JOSEPH L. MALAMUT**

4213 Monroe Street

Los Angeles 29, California

●

אַ האַרציקן דאַנק פאַר קאָלעגיאַלער באַהאַנדלונג —
נח פינקלשטיינען.

**PRINTED IN U. S. A.**

ECONOMY TYPESETTING SERVICE
244 HARLEM PLACE
LOS ANGELES 12, CALIFORNIA



**יוד לאַמעד מאַלאַמוט**

צייכנונג פון קאָוונער־גראַדסקי

# הקדמה פון א. א. ראָבאַק

אַז פריינט מאַלאַמוט האָט מיר געבעטן צו שרייבן אַ פאָרוואָרט צו זיין בוך, איז מיר די זאַך געווען קשה: „ווי קומט שאול צווישן די נביאים?" האָב איך זיך געטראַכט, און וואָס קער זיך אָן אַ מענטש פון דער וויסנשאַפט מיט הומאָרעסקעס? און עס איז שוין געווען גרייט דער סקאַרבאָווער ענטפער אונטער אַזעלכע אומשטענדן, דהיינו, „עס פאַרדריסט מיר ביז גאָר, נאָר זייענדיק שטאַרק פאַרנומען, וועל איך ניט קאָנען דערפילן אייער בקשה", און דאָס וואָלט ניט געווען גלאַט אַ תירוץ.

דערווייל האָט זיך גענומען דערמאָנען די מאָנטרעאַלער תקופה, „דער קענעדער אָדלער", די ליטעראַרישע אָוונטן, די יונגע זאָרג־פרייע יאָרן ווען עס האָט זיך אָנגעקניפּט די באַקאַנטשאַפט מיט פריינט מאַלאַמוטן — און נאָך אַלעמען דער גרעסטער מליץ יושר פאַר אימיצן איז די סדרה יוגנט־זכרונות.

דאָ איז שוין אַרויפגעקומען אויפן זינען אַ גאַנצע קייט זכרונות, למשל אַז אין די גוטע אַלטע צייטן, ד.ה. אין די יונגע סטודענטישע יאָרן, האָב איך געדרוקט צענדליקע פעליטאָנען סיי אין יידיש, סיי אין ענגליש, אַז איך האָב אָנגעשריבן ווינציקסטנס אַ טוץ אַרטיקלען איבער הומאָר, אַז אין מיין קורס איבער דער קולטורעלער פּערעזענלעכקייט גיב איך אָפּ 6-5 לעקציעס איבער דער טעמע „הומאָר", און אַז אין דעם שלום־עליכם בוך אָדער „פּאַנאָראַמע" ווי עס הייסט, איז מיין אָפּהאַנדלונג איבער שלום־עליכמ׳ס הומאָר, די לענגסטע אין בוך, און ועל כולם

אַז איך האָב געשאַפן דעם ערשטן טעקסט אויף אויס־צוגעפינען דעם גראַד חוש פאַר הומאָר וואָס איינער האָט. — נו, מיט אַזאַ אָנשפּאַר דוכט זיך האָב איך שוין אַ שטיקל באַרעכטיקונג צו זאָגן עטלעכע ווער־טער וועגן אַ הומאָריסטישן בוך.

---

הגם דאָס מאַטעריאַל איז מיר שוין געוועזן באַ־קאַנט צום גרעסטן טייל פון פריער, האָט ניט גע־שאַדט פונדעסטוועגן איבערצולייענען נאָכאַמאָל די מעשׂיות. לאַכעדיקע זאַכן (אייגנטלעך וואָלט מען באַדאַרפט זאָגן „לאַכמאַכעדיקע”) לאָזן זיך ליי־ענען אפילו אַ דריטן מאָל אויך.

ס'איז מיר אַלעמאָל געווען אַ חידוש וואָס מאַ־לאַמוט האָט זיך ניט בעסער ·אַרויסגעוויזן אין אונ־דזער ליטעראַטור. ער איז אַ גוטער זשורנאַליסט, ער האָט אָנגעשריבן מער ווי איין נשקשה'דיקן ראָמאַן, און איז דער מחבר פון אַ פּאָר טעאַטער־שטיק. ער שרייבט גלאַטע גראַמען געוועפּט מיט געדאַנקען, און ער איז אַ הומאָריסט וואָס האָט אַ סך גענאַשט פון שלום־עליכם'ס נוסח און ער שרייבט אַ געלייטערטן פאָלקסטימלעכן יידיש, טאָ פאַרוואָס הערט מען ניט פון אים ווי פון אַנדערע שרייבער? כאָטש ער איז שוין אַריבער די זעכציקער, ניט קוקנ־דיק וואָס כמעט קיין איין זשאַנער איז אים ניט פרעמד (אפילו זכרונות און קינדער־מעשׂיות). דוכט זיך, אַביסל איז דאָ שולדיק זיין כסדר'דיקער וואַנ־דערן פון איין פּראָווינץ־שטאָט צו אַנאַנדערער. אין נויאָרק איז מען געוואוינט צו מעסטן מענטשן וואָס שרייבן געאָגראַפיש. פאַר נויאָרקער איז איין מאָס, פאַר די פּראָווינצער, אַנאַנדער מאָס. אויך פעלט מאַ־לאַמוטן דאָס וואָס ווערט אָנגערופן אויף ענגליש Singleness of Purpose — אַ שרייבערישע ציל־באַ־

וואוסטקייט, און עס זענען דאָ מסתמא אנדערע סיבות, פערזענלעכע אויך.

ווי שוין אָנגעמערקט איז מאַלאַמוטס שרייבן אַ שפּילעוודיקס. עס ווייזט אויס, אַז ער שרייבט מיט אַ לייכטן געמיט, און דאָך איז פאַראַן אין דעם בוך פאַר אונדז אַן ערנסטער פאָדעם. ניט אַלע זאַכן וואָס געפינען זיך דאָ זיינען פון איין מין, און ווען איך בין דער רעדאַקטאָר וואָלט איך אפשר אַ פּאָר אויסגעלאָזן, הגם אַ סך לייענערס קאָנען אפשר אָנ־קוועלן פון זיי.

אין מאַלאַמוטס בוך האָבן מיר סאַטירע, פּאַראָדיע און הומאָרעסקעס פון דעם אַלטן שניט, אויך פּאָעזיע. סאַטירע פאָדערט אַ קולטורעלן צוגאַנג, און מיר דוכט זיך, אַז אַזעלכע זאַכן ווי „באַנקעטן און באַנ־קעטעלעך", „איציקל", „מיין אָפּשיידס־אָוונט" האָבן אַ קולטורעלן טעם. זיי ברענגען אַרויס די שוואַכ־קייטן בולט, זיי זיינען אָבער פאַרט רעאַליסטיש, און וואו עס רעדט זיך וועגן שרייבער, קולטורעלע אינטעליגענטן, מוז דאָס אַפּעלירן צו אַזעלכע. די גלאַט הומאָרעסקעס ווידער, ווי „אין דער פינצטער", „אינקוויזיציע", „קריזיס", זיינען שוין שאַרזשירט, באַזאַלצן, קאָנען זיי אַפּעלירן צום אַמכאָ, צום גע־ווינטלעכן טעאַטער־עולם וואָס קוועלט פון גוזמאות.

פּאַראָדיעס זיינען אַלעמאָל געווען פּאָפּולער ביי יידן. דער פורים־שפּיל איז דאָך אייגנטלעך אַ פּאַ־ראָדיע אויף מגילת אסתר און די דרשות פון פורים־רב, זיינען דאָך אוודאי פּאַראָדיעס. אויף דער גמרא זיינען פאַראַנען צענדליקע פּאַראָדיעס, (ווי מסכת שכורים, מסכת אַמעריקע) און אויף דער הגדה איז שוין געווען אַ קימאַ לן צוזופּאַסן די פּאַרשיי־דענע עפּיזאָדן און זאָגענישן צו די לויפיקע געשע־ענישן. היינט ווער פון די עלטערע מענטשן געדענקט עס ניט די תפילה זכאי׳ם פון פּאַר פערציק יאָרן?

צו שאַפן אַ גוטע פּאַראָדיע מוז מען זיין אָפּגע־היט ספּעציעל מיט די קליינינקייטן, וואָרים אָט די קליינינקייטן שאַפן דעם איינדרוק, די אַטמאָספער. גוזמאות און שאַרזשן גייען דאָ ניט. דער הומאָר איז דאָ אַ דעליקאַטער, אַ דינער, און וואָס מער גייסטיק, אַלץ טיפער דרינגט ער אַריין.

אין מאַלאַמוטס בוך האָבן מיר אַ מגילת אסתר מער צוגעפּאַסט צום פּשוט'ן טאָג־צייטונג לייענער ווי צום אינטעליגענט. די היטלעריאַדע איז שוין אַביסל פאַרעלטערט, נאָר עס זיינען פאַראַן אַזוי פיל מגילות, טאָ זאָל זיין נאָך איינע, וואָס קאָן אַרויסרופן אַ הייטערע שטימונג.

וואָס איז שייך די פערזן, האָבן זיי אַ פאָלקסטימלעכן פּנים. די קורצע שורה'לעך פון „קרום געבוירן" האָבן דעם ריטם פון פּרצ'עס „מאָניש", הגם דער תוכן איז אינגאַנצן אַנדערש. פון די „פאַרטרעטן" ווייעט אַ נאָסטאַלגיע — קאַפּע ראַיאַל ווערט דאָ באַשריבן און די ליטעראַטן מיט די אַקטיאָרן ווערן דאָ כאַראַקטעריזירט גאַנץ בילדלעך, אָט די פּאָעמע, ווי אויך די סניטקיווער פערזן, האַלט איך פאַרן בעסטן אויפטו.

עס איז אַ שאָד וואָס מאַלאַמוט, מיט זיין שפּראַך און טעכניק, האָט זיך ניט אָפּגעגעבן מער מיט פּאָעזי. אויף דעם קאָן איך זיך אונטערשרייבן אַז עס זיינען דאָ פּאָעטן מיט אַ נאָמען ביי אונדז, וואָס שרייבן ניט בעסער — ערגער האָט קיין שיעור ניט. הפּנים עס האָט אים אויסגעפעלט אויסדויער, שרייבעריש אַמביציע, לאַנג־אָטעמדיקייט, אָבער עס איז נאָך אַלץ ניט צו שפּעט.

מאַלאַמוט איז איינער פון אונדזערע בעסערע הומאָריסטן. וואָלט ער מער געשריבן, וואָלט ער זיך מער אַרויסגעוויזן. הומאָר איז ניט אַוועקצומאַכן

מיט דער האַנט. אין גוטן הומאָר שטעקט פּסיכאָלאָ־ גיע. דאָ מוז מען אנטאַפּן דעם דופּק פון אינצידענטן. סיי ביים אויסלאַכן, סיי ביים אָפּלאַכן, און אפילו ביים לאַכן סתם דאַרף מען וויסן וואָס אַזוינס רופט אַרויס דאָס געלעכטער. ס׳איז תמיד פאַראַן אַ רעאַליסטיש פינטעלע, סיי אין סאַטירע, סיי אין פּאַראָדיע, סיי אין הומאָרעסקעס און אפילו אין גראָטעסקן, און מאַלאַמוטס בוך פאַרמאָגט אָט דאָס פינטעלע, און פאַראייניגט אויך דאָס פינטעלע ליטעראַטור.

**א. א. ראָבאק.**

קעמברידזש, מארץ 7, 1953.



# אַ וואָרט פון מחבר

ניינצן־דריי־און־פופציק איז מיין יובל־יאָר.

אוודאי האָבן זיך אין אַ משך פון פופציק יאָר אָנגעזאַמלט ביי מיר מער לידער, מער הומאָר, און נאָכמער סאַטירע, חוץ רעציטאַציעס וואָס וואָלטן געמעגט איינגעזאַמלט ווערן כדי אויב זיי האָבן די ווערט, זאָלן זיי פאַרבלייבן אין דעם אוצר פון דער יידישער ליטעראַטור.

ווער רעדט שוין פון קינדער־מעשיות, ראָמאַן אָדער דראַמאַ.

אָבער ביי דער איצטיקער לאַגע אין דער יידישער ביכער־וועלט, באַדאַרף מען זיין אַ „רויטשילד", אַרויסצוגעבן ביכער אַף אייגענעם חשבון.

די אייגענע כוחות האָבן אַף מער ניט געטראָגן, זאָג איך לעת־עתה:

„זה חלקי מכל עמלי!"

אַלע פריערדיקע אויסגאַבן זענען אויספאַרקויפט, גיב איך אַריין כאָטש מוסטערן פון מיינע שאַפונגען, דער עיקר אַ טייל פון מיינע זאַכן, וואָס רופן אַרויס אַ שמייכל און פאַרשאַפן דעם לייענער אַ נחת רוח. איך גיי נאָך אַלץ מיטן פנים צו דער זון, איך גלויב און האָף אַף המשך און קיום.

**יוד לאַמעד מאַלאַמוט.**

# קרום געבוירן

**(אַ מעשה פון ערגעץ־לאַנד)**

אַמאָל, גאָר אַמאָל,
צוריק נאָך מיט יאָרן,
איז ערגעץ אַ אינגל
געבוירן געוואָרן.
האָט אינגל געהאַט
אַ גרויסן חסרון
ביים אינגל צו ברייט
איז געוועזן דער שטערן,
צו טיף און צו בלוי
זיינע אויגן —
געקוקט האָבן שטענדיק
צום הימל, אַהין,
וואו פייגעלעך זענען געפלויגן.
אַ האַרץ אַזוי ברייט
ווי עס טרעפט נאָר בײַ ריזן
און הענטעלעך — דין
אַזוי ווי צוויי שפּיזן;
פינגערלעך שאַרף ווי די נאָדלען,
און אַ קאָפּ שטאַרק פאַרריסן,
צום הימל אַ שטאָלצער,
אַזוי ווי ביי נ׳אָדלער.
האָט זיך די מאַמע
געפילט ווי פאַרלוירן,
געזאָרגט און געזיפצט,
וואָס איר אינגעלע
קרום איז געבוירן.

דערוועיל איז אַריבער
אַ יאָר שוין און צוויי —
שטעלט מאַמע דאָס אינגעלע
אַוועק און זאָגט: „גיי!״
פרעגט ניט דאָס אינגעלע
וואָס און וואוהין,
נאָר גיט זיך אַ הייב
ווי אַ פויגל צום פליען,
קלאַפּט ווי מיט פליגל,
פּאַטשט מיט די הענט,
רייסט זיך און שפּאַרט זיך
גלייך אַף די ווענט.
איז געוואָרן אין שטוב
אַ רעש, אַ בהלה,
און מאַמע זי וויינט
און קלאָגט — אַ יללה:
וואָס איז דאָ געשען,
וואָס איז דאָ פּאַרלאָפן,
ניט אַנדערש אַן אומגליק
עס האָט זי געטראָפן —
דאָס קינד אַף דער ערד
אַ פוס וויל ניט שטעלן,
פליען אין הימל
אַ קינד זאָל גאָר וועלן . . .
מ׳האָט נאָך אזוינס
ניט געזען, ניט געהערט
ניט אַנדערש, נאָר איר
איז אַן עונש באַשערט.
פאַלט איין דער מאַמען
אַ פּלאַן מן הסתם
פאַרשליסן דאָס אינגל
אין גראַטעס, אין צאַם.
הענטלאַך און פיסלאַך

מיט שטריק אים פֿאַרבונדן,
נאָר אינגל, ער שמייכלט
און לאַכט פֿון די וואונדן.
ער גיט נאָר אַ דריי זיך,
אַ ריר אָן די ווענט,
באַפֿרייט פֿון די שטריק
די פֿיס און די הענט.
רייסט זיך די מאַמע
פֿון קאָפּ אירע האָר,
פֿאַרשילט זיך דאָס לעבן,
באַוויינט אירע יאָר:
— אוי, סאר אנ׳אומגליק,
ווייז מיר און ווינד,
וואָס זאָל איך אָנהייבן
טאָן מיטן קינד . . .
עס רוט ניט, עס עסט ניט
און שלאָפֿט ניט ביינאַכט,
כסדר פֿון הימל
דאָס אינגל נאָר טראַכט.
און ווען אַף אַ רגע
מ׳קערט זיך נאָר אָפּ
שוין איז ער אין דרויסן,
פֿאַררייסט מיטן קאָפּ.
זעט ער אַ פֿויגל
איז דורכגעפֿלויגן,
לאָזט ער זיך לויפֿן
פֿייל אויסן בויגן,
פֿאַדקוקט זיך אין הימל,
פֿאָלגט נאָך מיט די אויגן,
וואַרפֿט אין דער לופֿטן
מיט הענט און מיט פֿיס,
אַזוי ווי צו פֿליען
ער גיט זיך אַ ריס,

טוט זיך אַ הייב
און באַלד גלייך אַ פאַל,
צעשלאָגט זיך, צעביילט זיך
נאָך יעדערן פּראַל,
דערנאָך בלייבט ער ליגן
מאַכטלאָז, פאַרטראַכט,
אַרום שטייען מענטשן,
מע חוזקט, מע לאַכט:
אים ווילט זיך ניט אַנדערש
אַן אָדלער גאָר ווערן,
פליען צום הימל,
דערגרייכן די שטערן...
קוקן אַלע אויפן אינגל,
שפּאָט און חוזק אין די אויגן:
— ס'איז די מעשה מיט זיין פליען
ניט געשטויגן, ניט געפלויגן!
אינגל איז אַ גרויסער נאַר —
שווערן אַלע בנאמנות
— און עס איז אַ גרויסער צער,
אַף זיין מאַמען אַ רחמנות! —
און די מאַמע
שטייט און בעט אים,
איבערן קעפּעלע
זי גלעט אים:
זאָל שוין זיין געננוג
געריסן זיך צום הימל!
לייג זיך צו אַ ביסל שלאָפן,
כאַפּ אַמאָל אַ דרימל!
נאָר דאָס אינגל
וויל ניט הערן,
רק עס רייסט זיך
צו די שטערן
און ער וויל

אַ פויגל ווערן.
וויינט די מאַמעשי מיט טרערן,
נעמט דעם אינגעלע דערקלערן,
אַז זינט די וועלט אַ וועלט איז,
לאַנג שוין פעסטגעשטעלט איז,
אַז ווער עס רייסט זיך צו די שטערן
און ער וויל אַ פויגל ווערן,
שלאָגט זיך נאָר אַרויס פון שלאָף
און ער האָט אַ שלעכטן סוף.
ווער עס ציט זיך צו די פייגל
און צום הימל הייבט דעם קאָפּ,
נעמט אים שווינדלען פאַר די אויגן,
ביז ער פאַלט צוריק אַראָפּ.
און די מאַמע טיף באַדויערט,
זיצט און טראַכט צו זיך פאַרטרויערט:
ס'איז ניט גוט, ער איז פאַרלוירן,
ער איז טאַקע קרום געבוירן.

* * *

שוין אַוועק אַ סך מיט יאָרן,
אינגל איז שוין גרוי געוואָרן,
נאָר צום הימל אַלץ אים ציט,
ווען ער זעט אַ פויגל פליט.
ס'איז דאָס אינגל איצט שוין אַלט,
נאָר זיין האַרץ איז פול באַגערן,
ניט ער פליט, נאָר רק ער פאַלט,
ווייל ער קוקט נאָך אַלץ אויף שטערן.

## סניטקיוו, מיין שטעטל

### א

סניטקיוו, מיין שטעטל,
די גרויס ווי א געניץ,
ניטאָ אַף דער מאַפּע
אפילו אַ פּעניץ,
דאָך איז עס אַ כרך,
לויטער מיט מעלות,
עס פייפט דאָרט דער ווינט,
עס זינגט דאָרט דער דלות,
אין הייזער, אַף דעכער
פון טשערעפּ און שטרוי,
הייזער אין שכנות
פון איד און פון גוי.
און שויבן אום ווינטער
וואָס זענען צעבראָכן,
פארשטעקט מען מיט שמאטעס
די שפּאַלטן, די לעכער.
דערפאר אָבער, שבת,
מאַכט מען דאָרט קידוש,
אַף ראָזשענקע-וויין
פון זילבערנעם בעכער.
שבת איז יעדערער
דאָרט אַ בעל תפילה,
און לייענט אייך די סדרה
מיט טראָפּ ווי מגילה.
אַ אינגל ווי איך
געוואָרן בר מצוה,

וואָס איז דאָ צו קלערן,
עס וואַרט שוין אַף מיר
אַ חדר, אַ קנעלונג.
טאַקע אין דערפער
קנעלן מיט קינדער אָן אַ שיעור,
אַ גאַנצן זמן פאַר קערבלעך פיר.
דאָס איז סניטקיוו, מיין מדינה,
דאָרטן בין איך עס געבוירן,
צוריק מיט זעקס און זעכציק יאָרן,
נעכט און טעג ביי דער גמרא,
ביי אַ שטיקל ליכט פון חלב,
אין בית המדרש דעם אַלטן,
אין דעם פינסטערן, דעם קאַלטן,
ניט דערשלאָפן, ניט דערעסן,
האָב איך איצט אין דעם דערמאָנט זיך,
און איך קען עס ניט פאַרגעסן.

ב

טרעפט מיר אָפט איך ווער פאַרלוירן,
אין דעם קאָך און רויש און טומל
צווישן הייזער־הימל־קראַצער,
וואָס שטייגן ווייט אַריבער „בבל",
און איך זוך פאַר זיך אַ טרייסט,
אַז איך זאָל ווערן אויסגעלייזט,
שווימט מיר אויף אין מיין זכרון
אַ בילד פון מיינע קינדער־יאָרן.
ווערט מיין זענזוכט
שאַרף און קלאָר,
איך זע חלומות
אפן וואָר,
ווערט מיר סניטקיוו
ליב און טייער,

און עס שליסן זיך די אויגן,
ברענט אַ בענקשאַפט,
ווי אַ פייער,
איך וואָלט צוריק אַוועקגעפלויגן!
— — — — — — — — — — —
ווער מיר עלטער,
וואָס מיר יאָרן?
וואָס איז לעבן
מיט אַ סדר?
ס'איז מיר דרייצן
ערשט געוואָרן,
כ'בין ערשט היינט
אַרויס פון חדר!

ג

פאַרגעס איך זיך
אין היינט און מאָרגן,
און געדענק נאָר דעם — אַמאָל.
ווער איך פריי
פון אַלע זאָרגן,
און זע בילדער אָן אַ צאָל.
לויפט דער שמש איבער סניטקיוו,
ערב שבת בין השמשות,
און ער רופט: אין שול אַריין,
און דער טאַטע,
נאָכן מרחץ,
איז זיך עוסק
מיטן ווייַן.
און עס שליסן זיך
די קלייטן,
לכבוד שבת שאַ און שטיל,
און די מאַמע

צינט די בענטש־ליכט,
אירע פרומע ליפּן קושן,
בענטשן, גלעטן מיין געזיכט,
מיט אַ ציטערדיק געפיל.

ד

אויסגעגאָסן ווי אַ חלום,
שוועבט דער שבת איבער סניטקיוו,
שטיל און רואיק, שבת־פרידן,
קידוש, זמירות זינגען אידן,
אַזוי פירט מען זיך אין סניטקיוו,
דאָרט וועט אייביק אַזוי בלייבן.

* * *

נאָר איך בין ווייט און פרעמד פון דאָרטן,
אַ שומר אין אַ פרעמדן גאָרטן,
אַזוי וועל איך שוין איבער וועלטן,
ווייטע, קאַלטע, אייביק וואָגלען,
נע־ונד וועל איך שוין בלייבן.

ה

ניט מיט שיפן ניט מיט באַנען,
אפילו ניט מיט עראָפּלאַנען,
קען איך מיינע קינדער־יאָרן
וואָס שוועבן איצט אין מיין זכרון,
ניט דערגרייכן, ניט דעריאָגן,
וויל איך כאָטש מיט פאַרבן בלייכע,
ווערטער האַלבע, ניט דערזאָגטע,
אויסזינגען מיין גלות־לעבן,
וואָס מיך פון סניטקיוו האָט פאַרטריבן,

פון מיין שטעטל, פון דעם ליבן,
וואָס אין זכרון איז פאַרבליבן,
שטילער אָפּגלאַנץ פון מיין יוגנט,
פול מיט גלויבן און מיט פייער,
ביסטו אַלץ בא מיר נאָך הייליק,
סניטקיוו, ליבע, ביזט מיר טייער.
גיי איך איצטער, אַף דער עלטער,
מיש אויף סניטקיוו, אין זכרון,
שוועבן ווידער פאַר מיר בילדער
פון די פריעסטע קינדער־יאָרן,
זוך איך ניט קיין שיינע ווערטער
צו באַפּוצן מיינע רייד,
נאָר איך זע צוריק מיין סניטקיוו
פונקט אַזוי ווי קליינערהייט.

# אַ פֿרימאָרגען פֿאַר אַ יאַריד

## א

אַ פּיצל שטעטל אין פּאָדאָליע,
סניטקיוו הייסט עס, שמ'ט מיט בלאָטעס,
אין די בלאָטעס שטעקן שטיבלאַך, חנ'ווּדיקע
גריבלאַך,
ניטאָ קיין גאַסן, קיין בולוואַרן,
נאָר טאַראַוועצע, שטאָט טראָטואַרן,
וואו צעשפּרייטע מעלה־גירה־דיקע ציגן,
פּרוּם־באַבערדלטע ליגן,
גלאַט זיך אַזוי, קייען דאָס שטרוי,
פֿון סניטקיווער דעכער, אַביסעלע העכער.

## ב

אין אַ מאַרק־טאָג, קולות, יללות,
דרייען זיך אידן, צעלאָזן די פּאָלעס,
מ'נישטערט, מ'קלעטערט,
מ'ציטערט, מ'פּלאַטערט,
מ'טאַפּט איינס און צוויי,
די הון וואָס מען דינגט,
צי האָט זי אַן איי.
מ'צאַפּט דזשעגאַכץ און סמאָלע,
מ'כאַפּט הינער אין פּאָלע,
אַ קאַטשקע, אַ גענדזל,
ציבעלעס אַ קרענצל,
אנטשערעס מיט טעפּ,
קאַצאַפּעס מיט צעפּ,

און בעטלערס האַלב בלינדע,
מיט גראָבע באַנדורעס,
אַלץ אָנגעלאָפן, און פונקט ווי געטראָפן
צו דעם יאריד, פון סניטקיווער איד.

ג

אלע טאָג כאור הבוקר,
דאַוונט סניטקיוו צוויי מנינים,
דאַנקט דעם בורא פאַר זיין תורה,
זיין גנאָד און געבאָט
און פאַרן עמוד שאָקלט זיך
באַם ערשטן מנין פונם צעך,
משה באַנדער מיט אַ קול פון בלעך.
אריין אין שול דער ערשטער,
האָט ער זיך באַוואָרנט,
שטייט ער שוין ביים עמוד,
דאַוונט שוין פון פאָרנט.
הערט ניט וואָס, ווייסט ניט ווען,
אָבער פאָרט — אידישער ברען,
שלעכטע עברי, טערפקע ווערטער,
דערפאַר אָבער קלאַפּט ער צו,
טרעפט ער וואו ניט וואו,
צום טאַקט מיט אַ קנאַק,
ווי איבער האָלץ מיט אַ האַק.
געסאָפּעט שווער ביים איינשפּאַנען זיך
אין טלית און אין תפילין,
זעט ער אוים ברוין און בלאַס,
האָט געהאָרוועט נאָך שווערער
ווי ארויפצעשלאָגן רייפן אָף אַ פאַס.
נאָר וואָס העלפן דאָ די קונצן,
פאַרן עמוד דאַוונען, איז „דאַוואַי!״
אשרינו מה—טוב הלקינו ומה—

נעים גורלינו ומה—
יפה ירושתינו א—
שרינו כשאָנו מ—
שכימים ומע—

(די ווייטערדיקע שורהס זענען די ווערטער אביסל
צו שווער, היפּעט ער זיי אינגאַנצן איבער).

צום סוף דערפרייט ער זיך ווידער:
עס קומט אים אָנטקעגן אַ שורה מיט אַ גרוים
וואָרט:
ש מ ע ישראל ד. אלוהינו ד. א ח ד ! ! ! ! ! !
כאַפּט ער אָפּ דעם אָטם ווי נאָך אַ שווערן טאָג
אַרבעט,
ווישט זיך דעם שוויים מיט דער האַנט,
בא - אחד - בלייבט ער שטיין ווי ביי אַ וואַנט.
איצטער איז ער גלייך מיטאַלעמען.
קעגן-אחד-איז ניטאָ קיין קלענער, קיין גרעסער.
טראַכט ער: שוין! דאָ איז דער סוף!
איי, איי, רבונו של עולם, אוי, אוי,
שיק עפּעס צו אַ גוטנקען גוי,
מיט אַ צעטרוקנט פּעסל,
אויפצושלאָגן אַ פּאָר רייפן,
אָף פּרנסה, גאָטעניו,
איי פּרנסה, . . . . . .
אין שול איז טויט שטיל,
פּרנסה פעלט אַלעמען,
ניטאָ קיין ווערטער מער.
אַרויסרעדן איז שווער,
מענטשן לעכצן, זיפצן, קרעכצן:
— איי, איי, איי,
— אוי, וויי, אוי, אוי,
אָך אָך, אָך, עך!
איינעם אַ אידן,

איז שוין גאַר ביטער,
עס דערגייט שוין ביזן ביין,
וואַרפט ער אַראָפּ פון זיך די בושה
און פאַרגייט זיך אין אַ געוויין.
פאַרגלאַנצט די אויגן צום אָרון־קודש,
צום פּרוכת מיט די ספרי תורות,
און צעוויינט זיך דוקא
וואו מען דאַרף ניט —
ביי: פּטום הקטורת......

ד

נאָר צו־ הודו־ באַם עמוד,
מאיר הירש דער מלמד
צעטרעלט זיך,* צעקוועלט זיך,
מליצה, כוונה, אַ גוואַלד, אַ סכנה,
זיס, מיט אַ קולכל פון אַ יונג העגעכל,
צעזינגט זיך אַזוי:
— הודו לאדוני קראו בשמו,
הודיעו בעמים עלילותיו .....
שאָקלט זיך בא יעדן זייטל,
ווי באַם קנעלן מיטן טייטל,
עס גייט אַ דאַוונען, אַ מזמור,
און ער טראַכט זיך: זעט, אידן:
איר שיקט דאָך מיר קינדער, צניפלאָך,
בין איך אייך אַ דרדקי מלמד, וואָס דען?
אָבער אין תוך גערעט, איך אליין, איך קען...
איך קען, אי פירוש המלות, אי נוסח,
איך קען, איך קען, א סך ...
און איידער שוסטערס, שניידערס,
שפּאַנען אוים פון זיך רציעות,
תפילין און טלתים,
איז שוין פול די שול מיט אידן, חסידים,

וואָס שמועסן פון אַ וואַזשנעם ענין,
חסידים גארטלען זיך
און גרייטן זיך צום צווייטן מנין.

ה

דאַוונט איציק סופר,
מיט אַ קול פון שופר,
מיטן טלית איבער קאָפּ,
פייער, ניט קיין ווערטער,
פליעט ווי גאַלאָפּ,
— איי, איי, איי,
— אוי, אוי, אוי,
און דאָס דאַוונען גייט אזוי:
— אשרינו מה טוב חלקינו,
ומה נעים גורלינו,
ומה יפה ירושתינו,
אשרי ——————— נו
כשאָנו משכימים ומעריבים
בבתי כנסיות ובבתי מדרשות,
ומיחדים שמך בכל יום תמיד
פעמים באהבה ואומרים:
ש־מ־ע יש־ר־אל אדו־ני אלו־הי־נו
אדו־ני־ א———ח———ד !!!!!!
בא אחד ווערט ער אינגאַנצן ניט.
ס'איז דאָ אַ גאָט, א תורה האָט ער געגיבן,
איז ער מקבל דעם עול תורה,
עס איז אים גוט, עס איז אים וואויל,
ווען ניט די תורה, וואָס וואָלט ער,
איציק סופר, אינגאַנצן געטאָן אױף דער וועלט?
צו הויכער שמונה עשרה
פאַרגייט ער זיך אין אַ תענוג,
עס איז אים זיס ווי האָניק,

ווידער הייבט ער אָן מיט זיין איי, איי:
— אדו־ני צב———אות
מלא כל האָרץ כבו——דו
לעומ־תם משבחים ואומרים.
— איי ברוך כבוד א־דוני
— ממ—קו——מו———
בא ממקומו, איז ער שוין אין הימל,
און בא־ובדברי קדשיך —
זעט ער שוין אַ פּייערדיקע תורה,
געשריבן מיטן אצבע אלוהים . . .

ו

דער פרימאָרגן פאַרן יאריד
ליגט אויסגעצויגן אפן פּנים
פון יעדען סניטקיווער איד.
איבער דער שול שפּאַנען אידן
שוואַרץ ווי די ערד.
פּעק מיט דאגות אף די פּלייצעס,
באָרגן גמלת חסדים, גיבן זיך עצות,
מ׳לויפט אין אַ מישמאַש, אַ זיגזאַג,
אַהין און אַהער, אוי, פּרנסה,
ס׳ביטער, ס׳שווער.
שדכנים און מעקלער פון ווייץ און פּאַלאַווע,
אפן מאַרק סאַמאָוואַרן מיט טיי און מיט קאַווע,
קלייען און רעטשקע, האָבער און סיעטשקע,
קאַלך און מעל, מ׳דאַוונט אף שנעל,
מ׳מאָלט ווי אין אַ מיל,
נאָך מער ווי אין מאַרק
איז יאריד שוין אין שול.
— ב־ך תה ני לי־מך, עולם
שלא סאני עבד
— ב־ך תה ני לי־מך עולם

שלא סאני נוי.
— ב־ך תה ני לי־מך עולם
שלא סאני אשה . . . . .
פלוצלינג וואַקסט אויס אַ פרעמדער איד,
מיט אַ באָרד ניט שוואַרץ, ניט ווייס,
ניט געל, ניט רויט,
נאָר סתם פאַרחשכט פון אייביקע דאגות,
און דחקות אין ברויט.
געקומען אַפּנים פון מרחקים.
אזש יאַלטושקיוו,
פרובירט ער מזל היינט
אין סניטקיוו . . . . .
אַמאָל האָט דער איד געהאַט נדן,
און קליידער, שבתדיקע,
צוויי קאַפּאָטעס,
היינט, שוין לאַנג דעם נדן
אויסגעהאַנדלט,
די שבתדיקע קאַפּאָטעס אויסגעטראָגן,
די מסחרים טראָגן אפילו ניט
אַף קיין וואָכעדיקער קאַפּאָטע,
געווען אַמאָל אַ יודע ספר,
שפּעטער געוואָרן אַ מוכר ספרים,
היינט — שוין אַ פּאַקנטרעגער.
פּאָרט א יום־טוב־דיקער דלות,
מ׳פאַרקויפט אַמאָל א ספר תורה,
אַמאָל אַ נייעם טלית . . . . .
טראָגט ער אינדערוואָכן
אַן אָפּגעבליאַקעוועטע,
זיידענע קאַפּאָטע,
האָט זי שוין אַ פּנים
פון אַ שבת־דראַנקע,
גלאַנצט און טאַנצט אַרוים
פון איר דער דלות און שלים־מזל,

אַ רים פון פאָרנט, וואָס פּאַסט זיך זער
צום פּנים פון דעם אידן,
וואָס איז שטאַרק פאַרצאָרנט.
אין די גוטע צייטן,
אפשר נאָך אַף קעסט,
האָט דער איד געהאַט
חזקה תמיד,
צו דאַוונען שבת, יום טוב,
אין יאַלטושקעוו פאַרן עמוד.
דעמאָלט איז דער טלית נאָך געווען
שפּאָגל ניי, דאָס פּנים לויטער,
אָן אַ דאגה, איז דאָס שבת׳דיקע געזאַנגעלע
געלאָפן מיט גדלות, ארויף, ארויף,
מיט אַ פלאָם, און מיט טעם:
— בפי ישרים תתרומ———ם
— ובשפתי צדי—קים תתב———רך
— ובלשון חסי־דים תתק———דש
ובקרב קדשים תתה—לללל!
היינט שוין לאַנג אַ נע־ונד־ניק,
דאָס פּעקל האָט שוין אונטערגעבויגן די פּלייצע,
צעריסן די קאַפּאָטע, האָט שוין אין יאַלטושקעוו
לאַנג פאַרן עמוד ניט געדאַוונט,
האָט זיך אין אים דערוועקט אַ חשק
כאָטש דאָ פאַרן יאריד
צו ווייזן וואָס ער קען . . . .
איז ניט פאַרן עמוד,
זאָל זיין פאַר אַ שטענדער . . . .
אַ פּאַטש מיט דער האַנט,
זאָל זיין כאָטש א קדושה - וברכו . . . .
נאָכאַמאָל אַ פּאַטש איבערן שטענדער,
אַ לויף אין פאָרויס,
ווי איינער רעט:
אידן, אידן, הערט אוים!

איך קען . . . איר ווײס זען!
און ער צעשאָקלט זיך, צעוויגט זיך,
און מער ווי געדאַוונט,
ער צעזינגט זיך:
— ברכות והודאות
לשמך הגדול והקדוש
ומעולם ועד עולם
אתה אל.
נאָר דאָ פאַרגעסט זיך דער איד,
אַז ער איז אין סניטקיוו
אין אַ פּראָסטן דינסטיק,
פאַר א יאריד,
און במקום נוסח פון דערוואַכן
פון א פּראָסטן—קדושה־ברכו—
צעלעגט ער זיך אַף טעלערלאַך,
ביז גאָט צו דאַנקען . . . . .
ער איז פאַרקראָכן
אין דעם יום־טוב־דיקן נוסח.
דערהערן אידן אַז דער אורח,
נעביך, בלאָנדזשעט אַרונטער
פון שטייגער, און וואָגלט
אין נוסח פון עולם התוהו,
איז דאָך שוין פּשוט
א חרפּה, א בזיון,
קלאַפּט מען אין שטענדערס,
מ'צעטראָגט דעם באַלעמער,
— נו, אָ, אי נו, הא ! ! !
חלול השם, נוסח, האַ, שא ! ! !
באַגיסט דעם יארידניק אַ שוויים
שוין אַ קאַלטער,
צעטומלט דערפילט ער, אַ שרעק,
אָט, אָט פאַלט ער . . . .
ער ווייסט שוין, ער זעט שוין,

ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט . . . .
פאַרלירט ער אינגאַנצן דאָס לשון, דאָס קול,
שטייט ער און קלערט צו זיך, — בקיצור, הכלל,
— מער וועט מען שוין קיין סניטקיוו
אַף יארידים ניט פאָרן,
שטייט אָבער אין א ווינקל אַ אידל, אַ לץ,
און קלערט זיך: אויב אזוי,
איז דאָך דער אורח
אן עם־הארץ, א גוי . . . .
איז אַזוי ווי דער אורח
פאַרנויגט זיך: ב־ר־כו־
ענטפערט דער לץ א יום־טוב־דיקן:
— איי, איי, איי; איי, איי . . . .
— הא, הא, הא — הא, הא, הא . . . .
— איי, איי, איי, איי, איי, איי —
ענטפערט דער פרעמדער שוין בעל כרחו
אַף דעם יום־טוב׳דיקן ברכו:
— את א־דו־ני המ־בו———רך . . . .

ז

דערנאָך לויפט מען שוין צוריק, פאַרויס,
מען זאָגט—עלינו, מ׳שפּייט אויס,
מ׳לויפט, מ׳פליט, א קלייניקייט,
היינט איז דאָך עפּעס אין סניטקיוו יאריד,
וויקלט מען רציעות,
ווער אראָפּ, ווער ארויף,
יעדער איינער יאָגט זיך,
אן עק, אַ סוף.
מ׳שטופּט זיך אין די גאסן,
איינער קייט די באָרד,
אַ צווייטער שלינגט די סלונע,
נישטאָ קיין צייט, אזוי פיל זאַכן,

אזוי פיל גויים אָנגעלאָפן,
קויפן, בייטן און פאַרקויפן.
איידער אין די שענקן, די ערלים
וועלן זיך צעלויפן.
ניט געבליבן קיינער אין די חורבות,
אַלץ און אַלעם איז אַף טעראַוועצע,
און איבער די קולות פון די אידען
וואָס דינגן זיך מיט גויים
שרייט אַריבער אַ ווילד קול
פון אַ שטייג מיט הינער:
— קוואָ, קוואָ, קוואָ, קוואָ, קוואָ,
— קוואָ, קוואָ, קוואָ, קוואָ, קוואָ,
נאָר א קאַטשקע, אַ גראַגער, קליגערט זיך
און יאָגט אַריבער די הינער
— קא, גא, גא, גא, גא ! ! ! ! !
וואָס איז דאָ, וואָס איז, שא!
— עפּעס איינע אליין אפן יאַריד, הא? ! ! !
און אַ יונג הענדעלע וואָס לערנט זיך קרייען
אַ גאַנצע וואָך אין דאָרף איז דעם ערשטן מאָל אפן
יאַריד,
דערפילט עפּעס אַז הינטער די פליגעלאַך
עס ציט און עס בריט,
שטעקט עס ארויס אַ לאַנג ווייס קעפל,
מיט א רויטן קעמעל, ציט אוים דאָס העלדזל
דורך די גראַטעס פון דער שטייג,
אַז עס איז אַף דעם אַ גאָטס רחמנות,
אָבער ער פירט אוים זיינס:
און צעלאָזט זיך ווי כוהנים דוכנען:
— קו - קו - רו - רו - רו - ו - ו - ו - ו ! ! !
שוין! ער קען שוין די גאַנצע תורה ! ! !
איז נאָכאַמאָל: קו - קו - רו - רו - רו !!!!
דערווייל האָבן לעמער דערשמעקט
אַז זיי זענען אויך מחותנים אפן יאַריד,

נאָר עפּעס געפעלט זיי ניט,
דער קצב, דער איד . . . .
אַ באָרד אַ רויטע, אַ שטיק פייער,
ווי ביי אַ גזלן, דערצו אַ גראָבער בויך,
און אויגן ווי באַ אַ פעטן אָקס,
האָבן לעמער זיך צעגויפגערעט.
און אלע ווי אין כאָר:
— מע, און מע, הכלל, נאָכאמאָל — מע!
שטייט אַ קו ביי אַ וואָגן אָנגעבונדן,
און מעלה — גירה'ט שטרוי,
ענטפערט זי אַף איר שטייגער,
גייט, נארישע לעמער, ניט אזוי!
אָט וועל איך אייך ווייזן,
נאָך גוט וואָס איך בין דאַ,
— מו מו - ו - ו - ו - ו!!!!
פונקט ווי זי וואָלט לערנען,
קעלבלאַך קמץ אלף,
און דאָס בהמה'שע קול
שניידט זיך איין אין הארצן,
פון דעם יארידניק
ווי דער שאַרף פון חלף.
און פונקט אין אזאַ פרימאָרגן
האָט אַ גוססע נשמה אויסגעהויכט
די לעצטע כחות, פריי געוואָרן
פון אַלע זאָרגן,
טראָגט זיך פון דעם טהרה-שטיבל
אַ יאָמער און אַ קלאָג,
באַגלייט פון אַ כאָרכלענדיק קלינגן
פון אַ פּאָר קופּערנע מטבעות,
אין אַ צעטשערבעט ערדיש טעפּל:
— צ- ד- ק- ה- ת- ציל מ- מ-ות!
עמיצער איז שוין געקומען צעפּאָרן פונם יאריד.

# איציק זיסיע

אַ איד, וועמן איך האָב געקענט
אין מיינע קינדער־יאָרן,
איז ער עד היום פאַרבליבן
איינגעקריצט אין מיין זכרון,
איז שוין היינט אין ליכטיקן
גן עדן,
איניינעם מיט מיין עלטער־
עלטער־זיידן.

דערמאָן איך זיך אין איציק זיסיען,
פיל איך: אָט, אָט, גיי איך ניסן.
פון דער טאַבאַקע און קעראָסין,
פון דעם דזשעגאַכץ און טוטין,
אַ איד אַ סוחר, מיט אַ סקלאַד,
אַ גרויסן, וואָס פאַרמאָגט
אַזוי פיל סחורה, אַז האַלטען
מוז ער זי אינדרויסן . . . .
אַ קופּע אייזן, רעדער צו אַ וואָגן,
אַ פּעסל קעראָסין,
די קעפּלאַך אויסגעצוואָגן,
פיש־אייל פאַר דער שקאַרלעטינע,
ריצנאייל פאַר (מ׳טאָר ניט) אויסזאָגן.

נאָר פאַמעלאַך, פאָרזיכטיק,
ווי איר גייט אריין אין קראָם,
ווייל אינוויניק, באַ דער שוועל,
ליגט אַ שווערער, אייזערנער לאָם.

אַט דער לאָם ברעכט אייזן, רייפן,
עס נעמט אַזש אָן אַ גרויל,
ס'שטעלן זיך אַדערן ארום די שלייפן,
פּיענע ווייזט זיך אַרום מויל.

היינט די מעסטלאַך, און די וואָג,
עס כאַפּט אַזש אָן אַ מורא,
אַ שטיין, אַ פוד, אַ מאָס, אַ קוואָרט,
ווי אָנגעשריבן אין דער תורה . . . .

אין אַ ווינקל כאָטש באַלעק זיך,
שטייט אַ זעקל מעליץ, מיט אַ היטל צוקער,
אַ זעקל זאַלץ, אַ סלאָי מיט שמאַלץ,
און אַ פלעשל בוימל,
אַ שקאַרמיץ מיט ראָזשענקעס,
מאַנדלען אַף ל"ג בעומר.

אַף אַ טישל, אַ צעבראָכנס,
אַ טוצנד פייגן, אַ קעסטל ניסלאַך,
האַלט זיך אַף משקולת,
אַף דריי אויסגעקרומטע פיסלאַך.

היינט וואו איז דער צימרינג,
און דער געלער אינגבער,
זאפרין און בשמים-נעגעלאַך,
שוואַרץ און רויטער פעפער.

און דער באָקסער הארט ווי שטיינער,
באָקסער, באָקסער אָן אַ צאָל,
אָנגעקומען ערב חמשה עשר,
קיין סניטקיוו אַזש פון ארץ ישראל . . . .

נו, און ציצית פאַרן ארבע כנפות,
ביינוויל פאַר די תפילין־זעקלאַך,
וואַקס און פאָדעם פאַר די קנייטלאַך־לעגן,
שטריקלאַך פאַר די פעקלאַך.

און אַז מען האַנדלט נאָך דערצו
מיט תבואה און מיט מעל,
איז אַ חידוש וואָס דאָס פּנים
זעט שוין אויס ווי פּאַרמעט־געל?

און אַז מ׳שלעפּט אָפּ צוואַנציק יאָר
פּודן מיט משאות טאַקע פאַרן איבערבייסן,
מאַכט זשע ניט קיין טעות, מוז אַפילו
אַ איד אַ ריז, סוף כל סוף זיך אונטעררייסן . . .

דאָס קלייטל עפענט איציק זיסיע,
טאָג איין — טאָג אויס, כאור הבוקר,
אין קלייטל ענדיקט ער מעמדות:
— אודה לאל לבב חוקר.

אַ גליק כאָטש וואָס אין קלייטל
איז דאָ טאַבאַקע צום שמעקן,
דערקוויקט זיך איציק זיסיע,
הא . . . . זיך ממש צום באַלעקן.

שטאָפּט ער אָן די ברייטע נאָז,
מיט די זעלבע פינגער,
וואָס געפּאָרעט האָבן זיך
ביי דעם פלעשל בוימל,
אַ האַלבן קווערטל אָפּגעמאָסטן,
אף צום בענטשען גומל . . . .

פון די ריחות האָט איציק זיסיע
אָפּגעשפּאַרט אַן אייגן שטיקעלע קאַטאַר,
איז די נאָז פאַרלעגט און פאָנפעט,
פּרעכניעט, זידט, ווי אַ צעגליטער סאַמאָוואַר.

רק אַ ניט-דערשלאָפענער,
אויסגעפרוירן פון דער קעלט,
פאַלט ער אַריין אין בית המדרש,
לעגט ער איין די וועלט.

הינטערן הויוון בײַ דער הרובע,
זיין חזקה אויף אַן אָרט,
איז דער עולם גרייט שוין לאַכן
פון זיין זאָגן צוואַנציק מאָל אַ וואָרט....

עס צעוואַרמט אים די הרובע,
ווי די תמוז-זון פון הימל,
און ביים דאַווענען פון פאַרנט
כאַפּט ער שוין געשמאַק אַ דרימל....

— איי, וזרקו, וזרקו, וזרקו, וזרקו,
— בני אהרון, וזרקו, וזרקו בני אהרון, וזרקו
את הכוהנים, וזרקו, על המזבח, וזרקו,
את דמם, דמם, דמם, וזרקו, סביב, סביב, סביב.

שלאָפט ער איין, ביז גאָט העלפט,
דער חזן קומט שוין אזש צו תחנון,
דער בעל תפלה צעלאָזט זיך,
נעמט זיך בעטן רחמים:

— איי תעבור על פשע ותמחה אשם,
כיום ויתיצב עמו שם,

— איי תאזין שועתינו ותקשיב מני מאמר,
כיום ויקרא בשם ד, ושם נאמר . . . .

פאַלן אידן אָן אף שטענדערס,
אף באַלעמער און אף פענצטער,
מ׳זאָגט וידוי פאַר גראָשעדיקע חטאים,
און מען דאַוונט ווייטער . . . .

נאָר אַז איציק זיסיע פאַלט אוועק
צו תחנון אף דער הרובע
אף דעם לינקן עלענבויגן
פאַרוואַרפט דעם קאָפּ אַריבער,

הייבט ער אָן צו שוויצן:
— איי, תעבור, תעבור, תעבור,
תעבור על פּשע, פּשע, פּשע, פּשע,
תעבור על פּשע, פּשע, פּשע, פּשע,
פּשע, פּשע, פּשע, פּשע, פּשע,
תעבור, איי, תעבור, איי, פּשע,

דערנאָך צעסאָפּעט ער זיך,
צעכראָפּעט ער זיך,
שלאָפט ער איין אפן עלנבויגן
איינגעשלאָפן, אַריבערגעבויגן.

אוי, אז מ׳וואָלט אים געלאָזן,
וואָלט ער זיך דאָ אויסגעצויגן,
אַ מחיה בא דער הרובע איינצעשלאָפן,
ווי דאָס גרעסטע גליק וואָלט אים געטראָפן . . . .

# ערב שבת

ערב שבת אין מיין שטעטל,
איז אַ רעש און אַ טומל,
עס זידט און עס קאָכט,
מ׳קנעט און מ׳באַקט,
ממש עס שפּאַלט זיך דער הימל,
דאָ באַקט מען חלה, דאָרטן פּלעצלעך
צימעס פּאַסאָליעס, מאלאי צום פאַרבייסן,
מ׳הייצט מיט שטרוי, און מיט קלעצלעך,
און אַז דער הויוון וויל ניט ברענען,
איז כאַטש זיך נעמען און צערייסן....

יאַרידניקעס מיט שווערע קוישן,
קומען אָן פון שטעט און דערפער,
פון ווארכיוועקע און וועֹרבאָוועץ,
פון זעגיווקע, קוראַשאָוועץ,
פון יאַלטושקעוו און ווינקאָוועץ
פון לוטשינעץ, יאַרמעלינעץ,
מישטיינס געזאָגט, מסחרים,
אַ ביסל קלאָטשע און אַ פונט שטשעטינע,
וואָס מען דינגט אוים באַ אַן ערל,
אף חצי גויש, אידיש — פּאַלאָווינע.

פרומע אידן אין פּאַראַסינענע זשאַקעטן,
מיט באָרד און פאות אָפּגעקראָכענע קאַשקעטן.
קומען זיך צושלעפּן מיט די קוישעקעס,
אַוועקגעשטעלט איבער שבת, טאַקע הינטער
די בעטן.

מ׳ציילט אף גיך דעם ריוח, גרויסע גליקן,
אַ גאַנצע וואָך געהאָוועט,
איצט, ניטאָ אף וואָס צו קוקן.
ערב שבת נעמט מען מעלקן ציגן,
האָט ניט קיין פאַריבל,
פירט מען ציגן מעלקן,
טאָקע אינם שטיבל.
און אַז גאָט העלפט
פאַרגלוסט זיך אַ אינגל, אַ לץ,
פונקט אין מיטן מעלקן, אַ דריי טאָן
דאָס ציגל פאַרן עק,
פאַרטשעפּעט זיך דאָס ציגל
מיט הערנער און מיט פיסלאַך,
נעמט עס שפרינגען איבער בעטן, טישן,
אוי, געוואַלט, אַ שרעק!
דערפאַר, אָבער, וועט מען שבת
טרינקען מילך מיט ציקאָריע,
און אף שבועות, מ׳זאָל דערלעבן
קעז און פוטער אויסשלאָגן,
מ׳זאָל נאָר דעם ציגל ניט געבן קיין עין הרע.

ערב שבת, אַ מחיה, ממש זיך באַלעקן,
חנאָ בעדער, ווי מיט טאַצן פויקט,
מיט אַ שטעקן, אין אַ בלעכענעם בעקן,
מיט אַ פּאַראַד, גאַסן,אוים, גאַסן־איין,
פויקט און רופט: אין באָד אריין . . . . .

אַ גאַנצע וואָך, ניט צו פאַרזינדיקן,
האַלט מען אין איין דרייען מיט די פּלייצעס,
מ׳שאַרט זיך ביי דער הרובע, ביי אַ וואַנט
אין מאַרק,
מען איז ניט מערער ווי אַ מענטש, גיט מען
זיך שוין עצות . . .

אָבער פרייטיק, גאָט צו דאַנק,
כאַפּט מען זיך אַרויף אויף דער אייבערשטער
באַנק,
מיט אַן אָנגעזייפטן בעזים, צום פאַרטשיק,
נאָך, נאָך, איי, איי,
געוואַלד, געוואַלד, איי, איי,
געוואַלד, געוואַלד, דאַוואַי, דאַוואַי!!!

איצי נגיד, מיט אַ פעסל שמאַלץ, במקום בויך,
פּרעגלט זיך באַזונדער, אין אַ הייסן ביטל,
וואַשט זיך, מיט אַן אָנגעזייפטן האַנטוך,
האָט הנאה ווי פון אַ פעטער יויך . . .
נאָך יעדן טונק אין ביטל וואַסער, מיטן האַנטוך
לאָזט איציע אַרויס אַ קרעכצעלע, אַ לעכצעלע,
— הו, האַ, הו, הו, הו, האַ!!!
העי, קבצנים, דאָרטן, אויף דער אייבערשטער
באַנק,
וואָס איז דאָרט פאַר אַ טומל, זע נאָר, הא?
לאָז נאָר זיין אַביסל שטילער, העי, שאַ!!!
און אַז איציע נגיד פּרעגלט זיך אויס אין הייסן,
ווי אַ פעטער צימעס, דאַרף ער ערשט דערנאָך
פאַרבייסן
מיט אַ קאַלטן שעפל וואַסער, אויפן האַלז און
נאַקן,
וואָס פאַרשפּריצט דאָס גאַנצע מרחץ,
און טרעפן טרעפט עס
מערסטנס אָרעמעלייט, ערשט אַריין, זיך
אויסגעטאָן
במחילה מוטער-נאַקעט, שטייען די
פאַרשפּריצטע אידן,
ציטערן און פּלאַטערן, אוי, אוי, הערט אויף,
— האָט רחמנות — געוואַלד ס׳קאַלט!!!
און איציע, מיט אַ שמייכעלע, נגידיש,

גדלות׳דיק, וויצלט זיך:
— זע נאָר, זע נאָר אַ ירגזון,
— גלייך מ׳וואָלט אים אָפּגעביסן!...
אַ איד, א בעל מטופל, פירט די אינגעלאַך
צום שמייסן, נאָר אינגעלאַך, אַלע אינגעלאַך
ווילן ניט, מ׳זאָל פון זיי פּאַסעם רייסן.
שטייען אינגעלאַך איינגעבויקערט,
אָנגעכמורעט ווי צעהויקערט,
שטורכעט דער טאַטע מיט די עלנבויגנס,
— גיכער, אַרויף שוין, נו, איך הייס ! ! ! !
נאָר דאָס אינגל צעקרומט זיך, און פּכומקעט:
— טאַטע, כ׳האָב מורא, טאַטע, ס׳איז הייס!!!!!

און אַז אין מיטן פונם אויפגיסן
אף די פּליטעס הייסע פּאַרע,
צעעפּענט זיך אַ טיר פון דרויסן,
גיט אַ זעץ אַ קאַלטע לופט ווי כמאַרע,
צעיאַכמערט זיך אַן אָרעמאַן,
גלייך מ׳וואָלט אים דאָ באַ׳גזל׳ט:
— אוי ווייי איז מיר, גיכער, גיכער.
האָט רחמנות, פּאַרמאַכט די טיר!.....
ערגער ווי דאָס אויסטאָן, איז טויזנט מאָל דאָס
אָנטאָן.
איינעם האָט מען פּאַרביטן אַ שקאַרפּעטקע,
אַ צווייטן פעלט דער טלית קטן,
כאָטש נעם און שריי געוואַלט,
אַ דריטן פעלט די יאַרמולקע,
זידלט ער דעם בעדער, וואָס איז דאָ, אַ מרחץ,
ציִ איז מען אין אַ וואַלד?

און אַז גאָט העלפט אַ שלעכטער וועטער,
אַ רעגן, צי אַ ווינט, נעמט גאָר קאַפּן פון דער
סטעליע,

און עס טוט אַ טריף אַ טראָפּן, אַ שטיק פייער,
טוט עס אַ ברען און אַ בראָט, עס דערנעמט
ביז דער זיבעטער הויט,
נעמען די פאַרשוינען זיך פאַרקרומען, אוי, עס
ציט, עס בריט!
אָדער עס ווערט אַ טשאַד, טרעפט אַ מרחץ
איז ניט געראָטן,
ווערט פינצטער אין באָד, טאַפּט מען די ווענט,
אין אַמאָל פאַרקריכט מען צו יענעם אין באָרד
מיט ביידע הענט,
פאַטשט דער שכן איבער פלייצע: זייט זשע
מוחל, פעטער,
— איר האָט ניט וואָס צו טאָן, קריכט אַף די
ווענט!...
און אַז אַ אינגל ווערט אַ חתן,
וועט ער שבת קריגן מפטיר,
איז ער פרייטיק שוין אַ גרויסער יחסן,
מיט אַ בעזעמל אין לופטן וואַרפט ער.
די גאַנצע וועלט איז זיינע,
דאָס בעסטע בעזעמל, דאָס שענצטע ביטל,
די אויבערשטע באַנק, אַ ניי העמד,
אַ מחיה, שמחה וששון, נאָר איינמאָל
אין לעבן ווערט מען אַ חתן...

צוריק פון מרחץ לויפט מען אויפגעיוירן
ווער צעהיצט, און ווער דערפרוירן,
אַלע איילן זיך און יאָגן,
אַ בזיון אויסצוזאָגן,
פונקט ווי עפּעס אָנגעוואוירן,
גלייך אַן אוצר ערשט פאַרלוירן.
באַלעבאַטישע אידן שניידן זיך די נעגל
איינס איבער צוויי,
און אין איילעניש פאַר ליכט-בענטשן,

כאַפּט מען איבער, גלאַט אַזוי,
אַ צימעס פּאַסאָליעס מיט אַ גלעזל טיי.
און אַז אַלע לאָקשענע קוגלען מיט דער פּאַטשע,
שטייען שוין פּאַררוקט אין טשאָלנט,
און פּאַרקלעפּט מיט געלן ליים, שיקט מען
אינגעלאַך
צום וויינשענקער, נאָך קידוש וויין,
און וואָלף זעליג שמש, ציקלט זיך און רופט:
אין שו——ל ארײַ——ן!!!!!

## שקצים, זאָל זיין שטיל, מ׳לייענט
## אין דער תורה

דער בעל קורא אין מיין שטעטל
איז אַ מושלם בכל המעלות,
דאַרף מען אויפרופן אַ נגיד,
קען ער זיך פאַרגיין אין יעלות.
מ׳דערקענט שוין פון זיין טאָן,
ווען ער רופט פון ערשטער פּאָן,
און גאָר אַן אַנדער טענדעלע פאַרמאָגט ער
פאַר אַן אָרעמער עליה פון אַ בעל עגלה אָדער
שוסטער,
וואָס צעקלאַפּט די הענט באַם אויסקלאַפּן אַ שטיק
לעדער.
דערפאַר אָבער מאַכט ער אַ זים חנ׳דעלע, באַ ששי
פאַר רב די עליה,
זון פאַרקרומען פאַרקרומט ער זיך ווי פון
בויכווייטיק
ווען עס קומט צו רביעי, רופנדיק להבדיל דעם בלינדן
משה בעדער.
רופט ער אויף אַן אָרעמאַן, אַ קבצן, יורד, דלות,
פאַרשטאָפּט ער זיך אַליין דאָס מויל,
מיט אַ שטיקל ברעג פון טלית, מאַכט אַ מינע, אף
צוקלומפּערשטן,
קכי, קכי, הוסט ער,
פונקט ווען עס קומט אים אוים אויפצערופן
צו דער תוכחה,
נו איך פרעג אייך, זאָגט אליין,

װעמען דען זאָל מען רופֿן,
אויב ניט איציק שוסטער?

איז װען עס קומט צו אַ פּעטע עליה,
אין משפּטים, צי בשלח,
רופֿט מען אויף צו ששי, און צו שלישי
אַ גביר, אַ גלות, אַ איד אָן אַ באָרד,
אָבער מיט אַ נײַ טליתל, מיט אַ שפּיץ יאַרמולקע
און אַ סך חוצפּה.
רוקט זיך דער נגיד צום באַלעמער,
מיט גדלות, שפּאַרט אַװעק מיט די עלנבויגנס
אַלע אידן פֿון די שטענדערס.
און אַז אַ גביר דאַרף מאַכן אַ ברכה איבער דער תורה
איז קוים װאָס ער רירט מיט די ליפּעלעך,
פּונקט װי ער טוט עמיצן אַ טובה, האָט ער מורא . . .
איז קוים װאָס ער שעפּטשעט, מורמלט ער:
— ברכו את אדוני המבורך (דאָס איבעריקע זאָגט
ער נאָך שטילער).
אַ נגיד, אים פּאַסט ניט מ'זאָל הערן זײַן קול.
בײַ אים איז אַ רענדל אַ װאָרט.
קיינער הערט ניט װאָס ער זאָגט, נאָר אַלע כאַפּן
אונטער און באַמקען אים צו. (אַ נגיד איז אַ בטוח,
מען גלויבט אים אפֿן װאָרט).
דערפֿאַר אָבער שרײַט שוין דער בעל קורא פֿאַר
אים אויך:
—אָ—מ—ן! ער לײגט אײַן די װעלט, פּונקט װי ער
גייט אים דאָ אויסצײלן אַן אוצר מיט געלט.
— וישא יעקב את עיניו, וירא והנה עשיו בא,
ועמו ארבע מאות איש, ויחץ את הילדים על לאה
ועל רחל
ועל שתי השפחות. אַ גביר האָט אַ מזל,
לײענט מען אים שלישי, מען גיט אים
אַ מעשה מיט צװײ װײַבער און מען גיט אים

נאָך צו צוויי דינסטן . . .
— והוא עבר לפניהם וישתחו ארצה שבע פעמים,
וירץ
עשיו לקראתו, ויקוד ארצה וישתחו ויבכו.
הכלל, אַ פיינע מעשה, וואָס ענדיקט זיך מיט:
— אשר חנן אלוהים את עבדיך . . . . .
גבאי ראשון באַ דער רעכטער זייט פון שלחן,
באַ דער לינקער, גבאי שני, און די תורה נעבעך
אומשולדיק, אינדערמיטן, אַ צעעפּענטע, אַ
פאַרקאַטשעטע,
ליגט און לאָזט זיך לייענען. וועמען ברכות, וועמען
קללות.
איך אליין איז אַלציין.
צוגעדעקט מיט אַ מענטעלע,
אַ נדבה פון האשה צנועה מרת דבורה,
ניט אויסגערעדט זאָל זיין
אפשר טאַקע, פאַר אַ תשובה,
מישטיינס געזאָגט,
פאַר אַ גראָשעדיקע עבירה,
אַרומגערינגלט איז די תורה אַרום באַלעמער
מיט גבאים ווי סאָלדאַטן.
נאָר גבאים אין מיין שטעטל
קענען אויך זיין דיפּלאָמאַטן....
פרשה יתרו צו עשרת הדברות,
פונקט אין מיטן ששי, רופט מען אויף אַ רב:
— יעמוד, מורי־מורינו, הרב יחיאל,
בהרב מורי־מורינו, רב. משולם זיסיע, ששי!
און בעת מעשה, דער בעל קורא, אַליין אַ למדן אַ איד,
וואָס קען דעם יורה דעה,
קוקט אפן רב, קרייזלט זיך די פאה.
כאַפּט דער רב, פאַרוואַרפט אַף זיך דעם טלית
מיט דער עטרה איבערן קאָפּ,
לויפט צום באַלעמער,

און צעשאָקלט זיך מיטן טראָפּ:
— איי בר—כו את אדוני—המבורך,
ברוך—אדוני—המבורך לעולם ו—עד.
אשר בחר בנו מכל העמים, ונתן לנו את תורתו,
ברוך אתה אדו—ני————נותן, התו——רה...
און ווייל דער בעל קורא אליין איז אַ גרויסער בעל גאוה,
רוקט ער זיך אַריין צווישן דעם רב און דער תורה גאַנץ ברייטלאך,
און צעפלאַמט זיך באַם לייענען מיט אַ גדלות׳דיקער תאוה:
אַ————ממ———ן!!!!!!
און ציילט אוים דעם רב די עשרת הדברות,
ער פּאַסמאַקעוועט זיך און באַלעקט זיך:
וידבר אלוהים את כל הדברים האלה לא—מו——ר
— אָ—נו—כי אדוני אלוהיך, אשר הוצאתיך מארץ מצרים
מבית עבדים... לא יהיה לך, אלוהים אחרים על פּני.
לא תעשה לך פּסל וכל תמונה (פּזר) אשר בשמים ממעל (פּזר)
ואשר בארץ מתחת, און אַז עס קומט צו הייסן
יענעם ניט זינדיקן, איז דער בעל קורא אַ גרויסער
ותרן אױף יענעמס פּלייצעס, און ער זשאַלעוועט
ניט און צעקרייעט זיך:
לא———תרצח, לא———תגנוב, לא תנאף....
לא תחמוד בית רעיך, לא תחמוד אשת רעיך, ועבדו ואמתו
ושורו, וחמורו, וכל אשר לרעיך . . .
טאָמער איז נאָך ניט גענוג, מאַכט ער נאָך דעם רב אַ לאַנגן
— מי שבירך אבותינו אברהם יצחק ויעקב,
און צעציט דעם סוף־ונאמר————אמן.

הכלל, אַ מחיה צו זיין אַ רב, אַז מען נעמט אייך
טיילן כבוד,
איז אָן אַ שיעור, אָן אַן ערך, און אָן אַ סוף...
דערפאַר אָבער, אַז גאָט העלפט אין מיטן זומער,
אַ סדרה פאַר במדבר, איז דאָ אַ שטיקעלע אין דער
תורה,
אָן אַנטיקל אין דער וועלט,
קען מען זיך פון דעם ניט אויסקויפן
אפילו ניט מיט געלט,
ניט פאַר אייך געדאַכט, אין בחוקותי,
איז דאָ אַ שטיקל תוכחה, קענט איר זיך שוין
אָנשטויסן,
באַ דעד סדרה טוט זיך חושך.
קולות, יללות,
ווייל אין תוכחה איז ניטאָ קיין לייטיש וואָרט
חוץ חרמות און קללות.
שטייען פריער די גבאים און האַלטן זיך עצות,
אָף שטום-לשון. ניטאָ וועמען אויפצורופן...
דרייט מען מיט די פּלייצעס,
אָוורעמל קירזשנער, אַ רחמנות,
האָט אַ ווייבל, אַ חולנית.
משה בעדער, אַ וואונדער,
אַ בעל מטופל, זיבן קליינע קינדער.
און דערצו נאָך אַ געשטראָפטער,
איז אַליין אַ בלינדער.
סיידן, טורקעט דער בעל קורא.
— לאמיר רופן צו דער תורה,
נעמט ער שטאַמלען אַ פאַרהוסטער,
— לאָמיר רופן איציק שוסטער!
זענען מסכים די גבאים, תם-עוואַטע,
און דער בעל קורא מאַכט אַ פּנים
פון אַ בעלעגאַלע, ווען די פערד
פאַרקראָכן זענען אין אַ טיפער בלאָטע.

נאָר אַז גבאים שטיצן דעם בעל קורא׳ס פּלענער,
לאָזט ער זיך אַרונטער, בחפזון,
אַף די הינטערשטע טענער:
— יעמוד רב איציק ברב נח רביעי....
ווערט אַ געדרודער אין שול אימת מות,
אַ קלייניקייט, תוכחה, אַ קאַטאָוועס!
און איציק שוסטער שטייט און צעגערט,
מאַכט זיך כלומרשט ווי גע׳פּגר׳ט,
— תוכחה — ער האָט עס גענוג אַ גאַנץ יאָר . . .
אי דלות, אי דחקות, אַ מורא,
פאַרוואָס־זשע קומט אים נאָך די תוכחה פון דער
תורה?
— מוחל, זאָל גיין, אַ שענערער איד!

הייבט מען אָן צו קלאַפּן אַף שטענדערס און
באַלעמער,
— נו, אָ־אי־נו, הא! שאַ, שאַ!
פאַלט פון איציקן אַרונטער דער טלית,
וואָס איז האַלב שוין צעוואַלגערט אַף דער ערד,
ווי פון אַן אויסגעשפּאַנטן נאַרעווויסטן פערד,
דער טלית איז שוין אַזוי אַלט, אַז ער איז שוין געל,
ווי להבדל, די אַנדערע זייט פון אַן אַלטער פעל...
און די ציצית שטאַרק צעפּלאָנטערט,
ווי די שטריקלאַך פון אַ דראַטווע,
קיין יאַרמעלקע האָט ער קיינמאָל ניט,
נאָר אַ היטל מיט אַ דאַשעק,
פאַרדרייט אַף הינטן...
ער ווייסט, מ׳האָט אים שוין צוויי מאָל גערופן,
צו דער תורה . . . נאָר ער האָט קיין חשק ניט.
תוכחה, אויך מיר אַ סחורה . . .
און ער מורמלט צו די שכנים:
— האַ, מיך, מוחל, נייןן!
נו, וואָס איז, איך וויל ניט גיין!!!

נעמט עס רודערן איבערן באַלעמער,
קאָכט עס אין דער גאַנצער שול:
ביז דער גבאי ראשון, אַ שיינער איד,
דער גבאי, רב דניאל,
אָנגעצונדן פול מיט כעס,
לויפט ער פון באַלעמער זוכן איציק שוסטער,
וואָס ווערט בלאָ און בלאַס...
פרעגט ער ניט בײַ איציקן וואָס און ווען,
נאָר ציילט אים אויס
אין ביידע באַקן, אחת ושתים,
צעפלאַמט, מיט ברען.
— הולטיי איינער, דיך גערופן צו דער תורה,
— וואָס הייסט, דו גייסט ניט, אַזאַ'ן עבירה!
— נו, געגאַנגען, גיכער, איך היים . . .
און איציק שוסטער באַגיסט זיך מיט שווייס.
פאַרשעמט ווי אַ גנב, קוים וואָס ער רירט זיך,
קריכט צום באַלעמער, געפירט פון דניאל'ן,
ווי אַ געליימטער, צעשראָקן, ברומט ער:
— ברכו את אדוני המבורך (די איבעריקע ווערטער
הערט קיינער ניט, מען זעט נאָר ווי ער שאָקלט
מיט די ליפּן).
„מעניע, מעני, מעניע התורה . . .
איציק שוסטער שטייט ווי אַן ארעסטירטער,
פאַר אַ „מיראָוואָי סודיאַ",
און ביידע גבאים לעבן אים,
איינגעשפּאַרט אין די זייטן, ווי צוויי עדות,
און דער בעל קורא, מיט אַ צעדרינדזשעט קול,
אַ צעבראָכנס, שטייט פון דער ווייטנס,
ביים שפּיץ טיש, ער האָט מורא צוקומען נאָענט,
עס זאָל זיך אים ניט צוקלעפּן אַ שטיקל תוכחה
הייבט ער אָן מיט ניט קיין היימלעך קול,
ווי בשעת אַן ערד ציטערניש.
ווי ער גייט דאָ פאַר'משפּט'ן אַ מענטשן...

— אַף אַני אעשה זאת לכם, והפקדתי עליכם בהלה,
— את השחפת ואת הקדחת...
ביים וואָרט קדחת כאַפּט דער בעל קורא אַליין
אויך אַ ציטער . . . מכלות ענים ומדיבת נפש . . .
ביי זיך אין האַרצן פילט ער זיך שוין שולדיק . . .
און טראַכט זיך: וואָס האָב איך נעביך צו איציק
שוסטער?
דאָס איינציקע וואָרט וואָס איציק שוסטער כאַפּט אויף
פון דער תוכחה איז — קדחת . . .
שטייט ער אַ דערשלאָגענער, און טראַכט זיך:
— טאַטע זיסער, פאַרוואָס? וואָס האָט מען צו מיר?
פאַראַן אַ פולע מזרח־וואַנט מיט שיינע אידן,
בעלי בתים, האָט מען מיך אויסגעקליבן, און מיר
גיט מען
קדחת אין דער תורה . . . גבירים זענען בילעכער . . .
זיי האָבן כאָטש פאַרוואָס צו קרענקען . . .
נאָר דערווייל האָט זיך דער בעל קורא שוין
צעוואַרעמט,
שוין אַריבער דאָס קדחת, טוט ער זיך ווייטער זיינס,
זשאַלעוועט ניט, וואַרפט מיטן מויל, אַ קללה נאָך
אַ קללה
פון דער תורה:
— והלכתי עמכם בחמת קרי, והשמדתי במותיכם,
— והכרתי את חמניכם, ונתתי את פגריכם
— על פגרי גלוליכם, וגעלה נפשי אתכם . . .
אַ גליק וואָס איציק שוסטער קען ניט קיין פירוש
המלות,
ווייסט ער ניט פינקטלאַך, וואָס מען האָט אים דאָרט
אָנגעווינטשעוועט,
שטייט ער צווישן דעם בעל קורא מיט די גבאים,
ציטערט און טראַכט זיך:
— רבונו של עולם, אַזוי ווי איך ווייס ניט,

אזוי זאָל מיר ניט שאַטן, ניט מיר, ניט מיין ווייב,
ניט מיינע קינדער.
די צווייטע ברכה כאַפּט ער אָפּ ווי מיט אַ מויל
פול מיט פייער,
וואַרפט זיך און שלינגט די ווערטער, ביז ער
אַנטלויפט.
ער וויל אַפילו ניט וואַרטן אַף אַ מי שבירך.
און אַז איציק שוסטער
לויפט צוריק פון באַלעמער,
קומען אים אַנטקעגן שוסטער, שניידער,
זעט ער אוים באַ זיי אין די אויגן,
ווי אַ גרויסער למך, אַ שטיק נאַר.
לאַכן זיי פון אים, און ווינטשעווען:
— איציק, זאָלסט שוין באַהיט ווערן פון צער...

# אברהם רייזען, זכרונו לברכה

(עלעגיע)

פון טיפן ווייטיק און שווערן פּיין צעקלעמט,
האָט זיך היינט צונויפגעדריקט מיין האַרץ,
וואָלקנס בלייענע, פינצטערע
האָבן איינגעהילט דעם הימל
אין געדיכטע נעפּלען, גרוי און שוואַרץ.

אויסגעלאָשן האָט זיך היינט
אַ זון אַ ליכטיקע, אַ שטראַלנדיקע,
עס האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס קלאַפּן
פון אַ גרויס און וואַרעם האַרץ,
אַברהם רייזען, האַרץ פון יידיש-וועלט,
וואָס האָט מיט ליבשאַפט אַנגעקוועלט,
כסדר רק געווייטיקט און געבלוטיקט
פאַר נויט און עלנט אין דער וועלט.

שווער צו גלויבן אַז ניטאָ שוין
ביסטו רייזען, וואָס האָט אַלעמאָל געמוטיקט
האַרציק, וואַרעם אויסגעשטרעקט
דיין אמת-ברודערלעכע האַנט
צו איעדן אָנפאַנגער וואָס האָט געוויזן נאָר
דעם מינדסטן שפּור טאַלאַנט.

רייזען, ריז אין אונדזער גאָרטן,
ניט געווען פון דיר קיין גרעסער,
דו האָסט ביי יעדער בייזער שעה געטרייסט:
„האָף און גלויב, מיין ברודער,
שענער וועט דער מאָרגן זיין, און בעסער!"

אין יעדן שטורעם, וויסטן חורבן,
ווען בייזע ווינטן האָבן זיך צעהוליעט
און צעטראָטן אַלע שיינע בלומען,
האָט דיין ליבשאַפט אונדז געמוטיקט,
ווען דו האָסט געזונגען:
„און מעג די צייט נאָך זיין ווי ווייט,
דער זומער, ער וועט קומען!"

אונדזער ליד, דאָס יידיש־ליד
איז פאַר׳יתום׳ט היינט געבליבן,
ניטאָ קיין טרייסט, ווען דו ווייסט,
אַז דו האָסט ניט מער
אונדזער גרויסן רייזענען, דעם ליבן!
שווער און ביטער איז צו וויסן,
אַז דו ביסט ניטאָ שוין מער,
טויט, גרויזאַמער, אַוועקגעריסן
האָט ביי אונדז דאָס מענטשלעכע געוויסן!

רייזען, אונדזער נחת, טרייסט און פרייד,
יידיש־יום טוב, באַרוטע שעה,
יידיק בלייבט דיין אָרט
גרויזאַם קלינגט דאָס וואָרט,
אַ בייזער גזר — ניטאָ!

שווער צו גלויבן אַז דאָס פּנים,
פול מיט פאָטערלעכן חן,
איז אַוועק פון אונדז אויף אייביק,
דו וועסט עס מער ניט זען!

פאַרלוירן האָט די וועלט
אַ מליץ יושר און אַ טרייסטער,

און דאָס ליד, דאָס יידיש־ליד
איר שענסטן, בעסטן מייסטער!

האָט אַלעמאָל דעם אָרימאַן
מיט ליבשאַפט געוואָלט באַלוינען,
און האָט דעם ליבן מאַמע־לשון
באַצירט מיט טויזנט קרוינען.

בלייבט אַ טיפער רים אין האַרצן,
באַטריבט עס ציטערט יעדעס אבר,
אבלים, עלנטע זענען מיר געבליבן,
שטייען מיר דערשלאָגענע,
בע׳צער׳ט אין טיפן טרויער
ביי דיין אָפענעם קבר!

חו״המ פסח, תשי״ג

# אין די בערג פון קאָלאָראַדאָ

אין די בערג פון קאָלאָראַדאָ
צווישן „פייק און מאָניטאָ",
שוועבן וואונדער פון אַמאָל,
און לעגענדעס אָן אַ צאָל.

פון די צייטען פון יצירה,
אין די טעג פון וועלט'ס באַשאַף,
ווען געשפּילט זיך האָט דער בורא
מיט ערד און ליים, און חומר, שטאָף,
געפורעמט וועלטעלאַך, ווי פּילקעס,
ערשט באַשאַפן, שוין צערונען,
חיות'לאַך די גרוים ווי שפּילקעס,
פון די נעפּלען אויסגעשפּונען.

איבער ווייסטעניש און לער,
איבער צייט און איבער אָרט,
אינ'ם חלום אויפ'ן וואָר,
אומגעשוועבט עס האָט דאָס וואָרט.

אין די נעפּלען האָבען דופטען,
זיך געמישט מיט פאַרב און קלאַנג,
ביז דערהערט זיך, האָט אין לופטען:
„קדוש, קדוש", אַ געזאַנג.

אַ געפּליסטערעל פון פליגעל,
אַ געסוויטשערעל פון פויגעל,
פון מלאכים אַ געשאל,
פון אַ וועלטעל, אַ צעפּראַל.

פאַר דער שעה פון יצירה,
אין קאָליר פון רעגענבויגען,
איז דער ערשטער קלאַנג פון שירה,
פון תהום אַרויסגעפלויגען.

און תהום האָט זיך צעשפּאַלטן,
גרונט און אָפּגרונט אָפּגעטיילט,
אין אַ וואַסערל געשטאַלטן,
פון אַ וועלט-געבורט דערציילט.

אָט איז נעפּעל,
אָט איז-קלאָהר,
ערשט אַ חלום,
איצט אַ וואָר,
וועלט'ס אַ רגע,
טויזענד יאָהר,
פון תהום'ן,
טיעפע ים'ן
אַ שפּילעכל פאַרטראַכט,
און עס רעגט זיך
שנעל, באַוועגט זיך,
עס באַווייזט זיך,
און אַנטפּלעקט זיך,
דאָ פאַרהוילן,
דאָרט צעדעקט זיך.
דער צעטראַכט
פון טאָג און נאַכט.

און געזען האָט דער בורא,
טאָג איז פרייד,
נאַכט איז מורא,
טאָג איז נאָהענט,
נאַכט איז ווייט,

און אַ שטים,
זיך האָט צעקלונגען:
אַ באַפעהל אַרויסגעזונגען
גאָט'ס געבאָט:
דאָס ערשטע וואָרט.

אָנהויב פון בראשית,
באַגינען
אַ שטראַל אַף טאָג,
פון גאָט'ס שכינה.

עס זאָל שטראמן,
עס זאָל פליסן,
אויף דער וועלט אַרוים,
ווי אַ פרייד,
דאָס גרויסע ליכט,
בביכול'ס אָנגעזיכט.
איך בין גערן,
עס זאָל ווערן,
העל און ליכטיג,
פריידיג, ציכטיג,
טאָג איין, טאָג אוים,
עס זאָל בלייבן לזכרון,
ווען אויף ערד איז טאָג געוואָרן,
ווען דאָס ליכט
פון גאָט'ס געזיכט,
האָט פון נחת זיך צעקוועלט,
אין באַגינען פון בראשית,
אַ מתנה פאַר דער וועלט.

איז געוועזן
גאָט'ס זאָג:
איז געוואָרן:
ערשטער טאָג.

ערב־צייט,
ערב־אָרט,
פֿאַר'ן ערשטן
דאָ און דאָרט,
אַ מחשבה האָט פֿאַרטראַכט,
די געבורט פֿון טאָג און נאַכט.
דער ערשטער קלאַנג, גאָט'ס אַ וואָרט.

מיט דעם ריטם פֿון חילות,
פֿון באַגינענס ערשטע קוואַלן,
פֿליסן, גיסן קאָלאָראַדאָ'ס
זיבען ווייסע וואַסערפֿאַלן.

וואַסער קוועלט אויף דער וועלט,
אַ רמז פֿון יצירה,
יעדער פֿאַל, אַ צעשאַל,
יעדער הויב — וואַסער לויב,
אַ שבח און אַ שירה.

האָט דאָס גאָט'ס אויג געזען,
איז אים וואויל און גוט געווען,
איז געווען זיין באַפֿעל:
טאָג זאָל בלייבן ליכטיק, העל.

פֿון באַגינענס טאָג צעפֿראַלן,
האָט דאָס וואַסער אָנגעקוואָלן,
יעדער טראָפּן האָט געזונגען,
און די לופֿט מיט פֿרייד פֿאַרקלונגען,
און עס מישט זיך פֿאַרב און קלאַנג,
זונען־ליכט, ים־געזאַנג,
שוים־געלעכטער, ליכט־צעשטראַל,
ביז געבוירן און געוואָרן,
פֿון תהום אַרויסגעפֿלויגן,

פאַרב־צעשפּיל, — אַ רעגנבויגן,
פון בראשית, אַ מחשבה,
אַ קאַפּריז פון גאָט, אַ שטראַל,
אַ באַשאַף, אַ פרייד פאַרגאַף:
ים־צעפראַל, אַ וואַסערפאַל.

יעדער שפּראָץ אַף טאָג,
ערב־זון אויפגאַנג,
צעשטראַלט זיך קאַיאָר
מיט דעם באַפעל
פונם ערשטן „יהי אור!"

## אינם גאָרטן פון די געטער

מיטן זונשפּראָץ פון באַגינען,
טריפט אַ טוי פון זיו השכינה,
פּערל־טוי אויף אספּען בלעטער,
אינם גאָרטן פון די געטער.

נאַכט פאַרדעקט, טאָג צעדעקט,
מישט זיך שאָטן אוים מיט ליכט,
גאָלד, אַ רענדל, יעדעס בלעטל
טאַנצט און שיינט דיר אין געזיכט.

עס פאַרשווינט אויף שטיל די נאַכט,
ווי פון חלום אויפגעוואַכט,
זי פאַרהאַלט זיך, און באַהאַלט זיך,
בײַ דעם מערב ברעג פון הימל.

און אַ טאָג פון טוי דערפרישטער,
ווי דערשראָקן, אַ צעמישטער,
טאָג צעטאָגט זיך, אויפן מזרח,
רעגט און וועקט אַ וועלט פון דרימל.

כאַפּט זיך אויף דער ערשטער פויגל,
שרעקט זיך באַלד אַ האָז אין פעלד,
הערט זיך גלייך אַ שאָרך פון פליגל,
קומט אַ נחת אויף דער וועלט.

ווערט אַ חיות און אַ פריידן,
אינם ערדישן גן עדן,

דאָ אַ ציטער, דאָרט אַ פּלאַטער,
אינם גאָרטן פון די געטער.

עס דערקוויקט זיך בוים און בלום
עס צעוויגט זיך גראָז אַף שטום,
און עס שאָקלען זיך די זאַנגען,
שטאַמען, צווייגן, שטילע קלאַנגען.

— הללויה, טרילט אַ פויגל,
— גאָט איז מעכטיק, קרייען הענער,
— וועלט אין פרידן, וואורקען טויבן,
פינקלען שטערן,—גאָט איז איינער.

פון די הימלען די חילות,
די כוכבים ומזלות,
גאָטס באַפעלן, זיי פאַרשנעלן,
זיי פאַרגייען און צעפאַלען.

אינם טיפן ים פאַרטונקען,
אינם וועלט תהום פאַרזונקען,
זיי צעציען און צעפליען
און זיי פרעגן ניט וואוהין.

און אין שורות וואָלקען ווייסע,
ציען, קניען איבער ערד,
יעדעם וואָלקענדעל אַ מלאך,
מיט אַ זילבער גלאַטער שווערד.

אָנגעגירט מיט שווערדן שאַרפע,
אפן שפּיץ פון טורעם דאָרטען,
שפּילט אַ שומר אַף זיין האַרפע,
באַ דעם טויער פונם גאָרטען.

און דער גאָרטען שטייט פאַרשטיינערט,
ווי אין כשוף איינעשוואוירען,
פון דער צייט ווען ערשטער אָדם,
דעם גן עדן האָט פאַרלוירען.

ווען געוואָרפען האָט דער בורא,
אפן ערשטען קינד א מורא,
פאַר דער זינד אַ שווערע שטראָף
אנגעיאָגט אף אים אַ שלאָף.

ווען באַשטראָפט עם האָט אים גאָט,
פאַר עובר זיין אף זיין געבאָט,
פאַר זיין עסען און געניסען,
פון גן עדנ׳ם בוים פון וויסען.

די לעגענדע פון גן עדן,
ווי דערציילט אין חומש, דאָרטען,
לעבט נאָך היינט אין קאָלאָראַדאָ,
ביי די געטער אינם גאָרטען.

קומסט אריין אין גאָרטן־טורעם,
פריש דאָס ליים, ווי ערשט צעקנאָטן
א זכרון ווען דער בורא,
טויזנט וועלטן האָט פאַרשאָטן.

און מלאכים, מענטשען־ריזען,
פלעגן רייטען פייער פערד,
ווייל פאַרצייטען אויך די געטער,
פלעגען אומגיין אף דער ערד.

איז די ערד אין קאָלאָראַדאָ
גאָר אַ חידוש און אַ נס,

לעבט אַ גאָרטען פון די געטער,
פון בראשית אַ מעת־לעת.

זאַמד און ליים, שטיין און שטאָל,
זיך געפורעמט און געמישט,
נאָר יעדעם מין ווי פארעקשנט,
איז געבליבען ניט צעמישט.

ליכט און שאָטען,
באַרג און טאָל,
טראָפּענס וואַסער,
ווי קרישטאָל,
ערד ווי הימעל, זוניק קלאָר,
האָט געשאַפען קאָלאָראַדאָס,
וועלט׳ס אַ חלום אפן וואָר.



אין דעם גאָרטן פון די געטער

# ק אַ פּ ר י ז

**(דאָס שפּיל פון אינגל־מיידל)**

מאלע וואָס,
מאלע ווען,
מאלע ווער
עס איז געווען.
ס'האָט געטראָפן,
ס'איז געשען,
ס'איז פאַרלאָפן,
ניט געווען!
ערגעץ דאָ,
ערגעץ דאָרטן,
ביי אַ טייכל,
אין אַ גאָרטן,
אויף אַ באַרג,
צי אין טאָל,
נעכטן, היינט,
אַמאָל, אַמאָל:
זי און ער...
שטיל באַגער
צו צערייסן
אַלע צאַמען!
איינס'ן צוויי
און צוזאַמען
צו דערגרונטעווען
תהומען!
צו צעפליסן
ווי די ימען

צו פאַרמערן
אַלע שטאַמען,
צו צעפּלאַמען
מיט די שטערן,
גאָרן גערן
צו פאַרצערן,
צו געבערן
און ניט ווערן
זיך געפעלן,
זיך צעשטראַלן,
זיך צעהעלן,
און צעפּראַלן.
זי — אַ ליכטיקער
פרימאָרגן,
ער — אַ לויטערער
אָן זאָרגן;
זי — פאַרהוילן,
ער — פאַרבאָרגן.
זי — אַ נחתל,
זיין קרוין,
ער — איר אינגל,
אַ פאַרשוין!
זי — אַ חוה,
גאָטס באַשאַף,
ער — איר אדם,
אַ פאַרגאַף!
ביידע גאָרן
איין באַגער:
זיין און ווערן
מער און מער!
איבער וואָלקן,
אין די הימלען
ביידע ציען,

ביידע פליען;
אין תהומען,
טיפע ימען
ביידע זינקען
דורשטיק טרינקען
פון דעם לעבענס
פרישע קוואַלן,
אַ צעקוועל
פון וואַסערפאַלן.
וואָס געשען
איז געווען,
וואָס געווען —
אַ געוויין.
זי — אַ כישוף,
ער — אַ חלום.
רואיק, פריידיק
זים דער שלאָף;
ליבע ציטער,
גליק אַ רגע —
מיטן אָנהייב,
קומט דער סוף . . .
ערשט פאַרשיכורט
ביז באַרוישונג —
אויסגעניכטערט
ביז אַנטוישונג;
ערשט פאַרדעקט
און איינגעהילט, —
שוין אַנטפּלעקט
און אָפּגעקילט.
ערשט אַ צערטל
און אַ גלעט, —
אַ צעווערטל,
אַ געשפּעט,

אַט אַ לידל,
אַ געזאַנג, —
שוין אַ זידל,
טריב און באַנג;
נאָר אַ רגע
גליק אַ ברעקל,
אַ צערייצונג
פון געפיל;
איצט דערווידער,
שוין אַן עקל,
איבערדריסיק,
איז דאָס שפּיל.
ס'איז אַ חוזק,
אַ געלעכטער,
ווי עס לעבן
צוויי געשלעכטער
מאַן און ווייב
אין איין הויז
פונקט אזוי ווי
קאַץ און מויז.
זייער גליק
אַן אויגנבליק —
ערשט פאָרויס,
שוין צוריק.
אונדזער ליבע,
ווי דאָס לעבן,
איז פון געטער
אַ קאַפּריז.
ס'איז אַ הויב
און אַ דערנידער,
ס'איז אַ לויב
און אַ דערווידער,
ס'איז אַ זינגען

און אַ שאַלן,
ס׳איז אַ שטייגן
און אַ פאַלן.
איצטער ליב
שפּעטער טריב,
ס׳איז אַ ראָד,
אַ קאַראַהאָד.
ס׳איז דאָס לעבן
אַ צעפּלאָנטער,
ס׳איז די ליבע
אַ קאַפּריז.
ס׳איז אַ רייץ,
אַ רגע רעגונג,
אַ געמיש,
פון ביטער זיס.

# ווײַן לידער

(פֿון די יאָרן ניט הײַנט געדאַכט, ווען איך האָב
נאָך געמעגט טרינקען)

ווײַן, ווײַן, ווײַן,
וויגט מיך אײַן,
דערטרינקט מײַן פּײַן,
פֿאַרזינגט מײַן שײַן,
באַרוישט מײַן זײַן.
העלדזוער זינגען,
גלעזער קלינגען,
ווײַן, ווײַן, ווײַן!

ווײַן, ווײַן, צונטער רויט,
פֿאַרטרינק די נויט,
פֿאַרגעס אין ברויט,
פֿאַרשפּעט דעם טויט.
וועקט מײַן מוט,
רײַצט מײַן בלוט,
טרינק איך, זינג איך
און שלאָף אײַן,
און עס חלומט זיך מיר ווײַן!

טרינק איך הײַנט,
טרינק איך מאָרגען,
און איך ווײס ניט פֿון קײן זאָרגן,
ווײַן א גלעזעל מאַכט מיך מילד,
ווײַן א פלעשל מאַכט מיך ווילד.
נאָך א פלעשל, נאָך אביסל

שטעל איך שוין
צום טאנץ א פיסל.
טאנץ איך ווידער,
זינג איך לידער,
וויין, וויין, וויין!

וויין, וויין, זוניג העל,
איך בין קעניג און באפעל,
ס'איז דער שענק פאר מיר א זאל,
ס'איז די וועלט פאר מיר א באל,
ס'איז דאָס לעבן א געזאנג,
ס'איז א שפּיל, פארב און קלאנג.
לעב זשע היינט, ליב זשע, פריינט,
מאָרגן קען דיר טאָן שוין באנג,
לעב און ליב, זינג און שפּיל,
ס'איז א נחת'דיק געפיל,
אויף דער וועלט נאָך צו זיין
און צו קענען טרינקען וויין!

## דער וואָס קען ניט און טרינקט

דער וואָס טרינקט מיט הארץ, מיט ברען,
ווייל ער ווייסט אז ער קען,
אים פארגינט מען ניט די וועלט,
פאר יעדן גלעזל רק מען שילט,
נאָר ווער עס קען ניט, אים איז שלעכט.
ער איז קיינמאָל ניט גערעכט,
ס'איז איעדער צו אים גוט,
און מ'וועקט אין אים דעם מוט,
רק מען בעט אים און מ'גלעט אים,
נאָך אביסל, נאָך א לעק,
און נאָך יעדן טראָפּן, אוי, א שרעק!
עס ווערט אים הייס, און פּלוצים קאַלט,
און ער שאָקלט און ער וואקלט,
ביז ער פאַלט!

נעמט מען א אידן אזא פארן האנט,
מען דעקט אים איין אין בעטגעוואנט,
און מ'ווייזט אים א יאריד אפן הימל,
נאָר זאָל ער דערוויל כאפּן א דרימל!
זעצט זיך אויף דער איד ביינאכט,
ווייסט ניט אז ער ליגט שוין אין בעט.
זיצט ער און זיצט, קלערט ער און טראכט.
וואָס איז עס דאָ איצט, ביטאָג צי ביינאכט?
זיצט ער ביים טיש, צי ליגט ער אין בעט,
אָ, ער איז נאָך, ער דארף נאָך, ער וועט!
כאפּט זיך אראָפּ פון געלעגער דער איד,
נעמט זוכן דעם הימל, ער פאָרט אף יאריד...
שארט זיך פאמעליך ארום די פיר ווענט,

דינען די פיס ניט, נוצט ער די הענט,
טרינקט ער אויס וואסער א קריגל,
נאָר פינצטער איז איהם!
ווער שטייט עס אין שפיגל!

דאָס איז ער, אליין? ער וועט ניט שווערען.
אָט דאָס איז זיין פנים? ס'איז ניט זיין שטערן!
אנשטאָט ריינע קלאָרע אויגן,
קוקן אַף אים לעכער צוויי,
און א פּנים ווי צעאקערט,
גריבער, קנייטשען אלערליי,
און א מינע א צעקרומטע,
און א שטימע א פארדומפּטע,
אפן פרצוף ליגט א טרויער,
און דער האלדז איז פול מיט זשויער,
בלייבט ער זיצן איינגעזונקען,
ווייסט אליין ניט וואָס ער טראכט,
ערגיץ געווען, עפּעס געטרונקען!
זיצט ער איצט, קלערט ער און טראכט,
עס פעלט דאָך אים אויס א טאָג מיט א נאכט!
ס'האָט דער ווייַן זיין בלוט געצונדען,
ווי א לאַווע אין אים געברענט,
נאָר וואו איז אים א טאָג פארשוואונדן,
ווען האָט ער אַ נאַכט פארשווענדט?
ער האָט געברענט דאָס ליכט פון לעבן,
ווי אַן אכזר, א פארדראָס,
אָנגעצונדן ביידע ברעגן,
אַן א זין און אָן א מאָס.
האָט ער איצטער צו זיך טענות,
שלאָגט אין הארצן זיך על חטא,
נעמט ארויס אַף זיך אַ תשובה,
א טאָג מיט א נאכט צו ליגן אין בעט!
ער וועט קעמפן, וועט זיך ווערן,

היטן פון לעבן דאָס ברעקעלע ליכט,
מען טאָר דאָס קנויטל ניט פארצערן,
ניט צעקנייטשען דאָס געזיכט.
נאָר דאָס לעבן איז א נסיון,
אייביק ניכטער, שווער צו זיין,
צו דערציילן אין א בזיון,
ס'שטעקט א כישוף אין דעם וויין!

# די באַלאַדע פון
# איסט בראָדוויי און ראָיאַל קאַפּיי

פון ציגעלניע נומער צוויי ביז צו אונז אַף איסט בראָדוויי,
א שפרונג אַביסל, אַ פאַרגלייך, להבדיל ווי פון פּרץ׳ם ביינאַכט אַף אַלטן מארק,
ביז צו אונז אין ראָיאַל קאַפּיי, אַ מהלך נאָך אַ גרעסערער ווי פון אים אַליין, לברכה,
ביז צו אונז, די גליד-געשוועסטער-קינדער, פון דער פּען-משפחה.

דאָך ניט איינמאָל שפּעט ביינאַכט, האָב איך אין דער שטיל געטראַכט:
אַז עס ליגט דאָך עפּעס פאַרט אין דעם אַלטן תירוץ,
אַז עס איז אַלץ דערפאַר:
ווייל עס פעלט אונז אוים אַ פּרץ! . . .

וואָלט איך פאָרגעשלאָגן סתם, אַ י. ל. פּרץ-עפּיגראַם:
אַ האַנט וואָס האַלט אַ פּען, טאָר ניט ציטערן, ניט צעגערן, ניט שטרעקן זיך צו דער ערד,
מעג אַמאָל אַ פויסט פאַרמעסטן, מוז ניט תמיד בעטן, גלעטן, על כל פּנים איז פאַראַן
אַזוינס אין לעבן וואָס מען דאַרף פאַר׳חוזק׳ן, פאַרשפּעטן.

ניטאָ זיך וואָס צו שעמען, אמת, איין משפּחה,
נאָר פונדעסן, קומט צום עסן,
איז — כל הקודם זכה!

אזוי שוין אין טעאַטער, ניט בעסער ווי ביי דער
פּרעסע,
ס'נויטיק צירקולאַציע, ס'מוז אַנרייסן אַ פּיעסע!

האָט דער אַקטיאָר אַ „יוניע", האָט דער שרייבער אַ
פּאַראיין, שפּילט דער אַקטיאָר אַ ראָלע,
עסט ער פיש מיט כריין, האָט דער שרייבער ניט קיין
ביינקל אין רעדאַקציע,
לייגט ער אַף דער פּאָליצע די ציין!
פּראָסטע ווערטער ניט פּאָלירט,
יאָ, אַנטשולדיקט, עס שאָקירט!

בקיצור, גוטער ברודער גאָרניט פריילעך, אין אַ
רעגנדיקער נאַכט, איז אומעטיק אין זאַל,
עס גענעצט זיך, עס לאַנגווייליקט
אין קאַפּיי ראָיאַל!
ראָיאַל קאַפּיי, רויך מיט טיי, ביז דער זייגער שלאָגט
שוין צוויי!
עס פעלן היינט די אַקטיאָרן און די מוזיקער שוין
אויסגעשפּילטע,
און דיכטער ניט דערבאַקענע, פאַר דער צייט
פאַרגעסענע,
און מיידלעך האַלב פאַרזעסענע, צעקנייטשטע די
געזיכטער.
ווי אַן אָבל, אַ פאַר'יתום'טער, דראַמאַטישער אַקטיאָר,
מיט אַ פּנים קנייטשן, גריבער,
אַפּן קאָפּ שוין קיין סימן פון האָר
האָב איך דערזען דאָ איינעם
און האָב דערפילט, ער האָט שוין אָפּגעשפּילט,
און בעט זיך: אין מושב זקנים.

אַ פּרימאַדאָנאַ, אַ פאַר'חושכ'טע, האָט אַמאָל
געגלאַנצט,

געזונגען און געטאַנצט, זי האָט אַמאָל געלויכטן און
געשיינט,
איצטער זיצט זי אַ פאַרביטערטע אין אַ ווינקל שטיל
און וויינט!

א בילד פון לעבעדיקן עלנט, אפן הארצן אומעטיק און
זויער,
אַ פנים פול מיט מרה שחורה, עס כאַפּט אַרום אַ
טרויער.
אַ וויסטער שרעק, אַ חורבן האָט פון איר געמאַכט
דאָס ביסל יאָרן,
און אַ שטיק בית עולם איז שוין פון איר קונסט
געוואָרן.

דאַכט זיך אַז ערשט נעכטן געבליט ווי אין אַ גאָרטן,
האָט מיין ראָטגערס סקוועך,
אבנר טענענבוים, יאהאן פאליי, אומגעגאַנגען זענען
נאָך אַף איסט בראָדוויי.
פנימער היסטאָרישע, אידישע געשטאַלטן, טאָג און
נאַכט סאָסייעטים, מען האָט געגרינדעט
און געשפאָלטן.

געצל זעליקאָוויטש, לעאָן זאָלאָטקאָף, תשר״ק און
חיים מאַליץ, און פלאטאָן ברונאָף,
שמואלזאָן און ציפּין, ענטין און לעאָנטיעוו,
פון קולטור, ליטעראַטור,
דער שפיגל און דער יום טוב.

קאַהאן, מילער, פייגנבוים, קאפלאן און ראיעווסקי,
רויזנבלאַט און ראָזנצווייג,
גאָרדין און ווינטשעווסקי.

עדעלשטאַט און באָוושאָווער, ראָזענפעלד, יהואש,
מאריאנאָוו און בודיאנאָוו, און שין יאנאָווסקי.

דאָקטאָר סירקין, באָרוכאָוו און חיים זשיטלאָווסקי.
פּועלי ציון, עס־עס, טעריטאָריע, אוגאַנדאַ
ווער אין גאָט עס האָט געגלויבט געמאַכט האָט
פּראָפּאַגאַנדאַ.

עס־על־פּי און עס־אַר, חברים און גענאָסן,
פּראַזן הויך און פייערדיק, אין שונא׳ס לאַגער האָט
געשאָסן.
אין צייטונגען, גאַזעטן, פּרינצן און פּרינצעסינס,
שמר׳ס העלדן פון ראָמאַנען, צונזער׳ס לידער פון די
באַנען, אויך שוין לאַנג פאַרגעסן.

ליבינס ערשטע סקיצן, גאָרדינס בינע־וויצן,
מאַסליאַנסקי מיט די דרשות, גאָלדפאַדן — מחיה־
נפשות.
שונד טעאַטער, זאָלאָטאַרעפסקי, אויף דער בינע —
טאָמאַשעפסקי.
טאָרנבערג, מאָגולעסקו, ביי יעקב גאָרדין אין דער
דראַמע, אַבראַמאָוויטש איז די מאַמע,
קעני ליפּצין — די יתומה, לעאָן קאָברינס אַ כאַמולע,
דוד קעסלער — יאַנקל בוילע.

דוד פּינסקים „גרויסער איד״, און וואָס איז מיט
„יאַנקל שמיד״?
און אַז די „שחיטה״ שפּילט די ליפּצין, איז טעאַטער
פול מיט זיפצן, קען זיך קיינער מער ניט ווערן,
ווען די ליפּצין צאַפּט פון עולם טרערן.
אַדלער שפּילט אין „קעניג ליר״, טוט אַ בריל, „די
שליסלען אַהער!״
הויבן זיך צו פּאַטשן הענט, און פאַרהילכן די ווענט.
ווערט דעם עולם היים און קאַלט, ווען דער פאַרהאַנג
פאַלט.
און קעסלער אין הירשעלע דובראָוונער, שטאָלץ און
זיכער ווי אַ מלך,

טוט זיך א צעזינג „גם כי אלך", גוסטאוו שאַכט אין
„כאַצקל דראַכמע", טוט זיך
אַ צעכליפּע, אַ צעיאַכמער, צעוויקלט אַ בלוטיקן
טלית, און טאַרנבערג מיט זיין
„אוי דלות, דלות!"
טאַמאַשעפּסקי מיטן פּענדעלע, טלית'ל און קרוינ־
דעלע, אידעלע און פידעלע,
תורה'לע און בורא'לע.
און די העזה'דיקע פּראָזע פון הורעוויץ לאטיינער,
קלאָטשעדיקע סיטואַציע, ווערטער,
קלעצער, שטיינער.

ניט געבליבן שוין קיין זכר, פון אַ סך פון מיינע העלדן,
אַדלער, קעסלער, באַראַנדעס, אוים, ניטאָ שוין קיינער,
געוואָרן לאַנג שוין איז פון יעדערן אַ מת,
אַ הויפן שטיינער, ביינער.
און אַז עס רעגנט נאָך דערצו היינט אַ גאַנצע נאַכט,
שטייען אַלע טיש און ביינק
שוין ליידיקע, ניטאָ, עס וועט ניט זיין קיין עולם,
אָפּגעשפּילט, עס שלאָפט שוין לאַנג
די קונסט אַפן בית עולם.

# פּאָרטרעטן

טרעפט אַמאָל אַ פּרייטיק אַפּדערנאַכט, איז געפּאַקט
דער זאַל אין קאַפּיי ראָיאַל,
ווי אַ קאָמאַנדיר, אַ שטרייטגער, דער קעלנער ביי
דער טיר, אַ זעלנער,
און מען זיך גאַט דערבאַרימען, אַף דעם וואָס וועט
אים ניט דערוואַרימען, מיט אַ ניקל,
אַ צען-סענט שטיקל, אַ בייזער, אַ נערוועזער, טוט
ער דאַן אַ שטעל צום טיש דאָס וואַסער
אין די גלעזער.

פּונקט אינמיטן זאַל, אַרום אַ טיש מיט ביינקלעך,
זיצט אַ כאָפּטע שרייבער, הייסן זיי
ביים קעלנער ליידיק-גייער, אַז עם וואָלט געווען אַ
האַלבער דאָלאַר אין מזומן געלט,
וואָלט מען איצט באַשטימט באַשטעלט אַ פּיינקוכן
פון צוויי אייער.

לעבן פענצטער זיצט אַ דאָקטאַר, מיט אַ כאָפּטע
אַלטע ווייבער,
צוליב די שלעכטע צייטן איז ער איצט אַ שרייבער.
איז ער דאָ דער וועלט-חכם, פּילט זיך שטאָל און אייזן,
באַרגט כסדר צייטונגען און ער ציילט די גרייזן.
און די טיר פון דער ראָיאַל ווי אַ קאַרוסעל זי
דרייט זיך,
דער אַרוים—דער אַריין, מע באַגעגנט און צעשיידט
זיך.

אַמאָל אַנטפּלעקט זיך דאָ דער קריטיקער, מיט אַ
שטאָלצן בליק, אַ זיגער,

נעמען אַלע סוד'ען זיך און שושקען: אַט זיצט ער
דאָרט, דער „גזלן, ניגער"!
ביכער רק ער שלינגט און לייענט, באַטאַפּט און וויל
צעקייען, פּיצלט, ברעקלט,
קלאָגט און וויינט „שווער עס צו פאַרדייען".

רופט זיך אָן אַ יונגערמאַן, וועמען ניגער האָט באַ-
טיטלט גראַפאָמאַן:
„אַ שפּראַך ביי ניגערן, אַ שפּיציקע, אַ גאַליקע,
כ'שרייב דאָך שוין אַ שאָק מיט יאָרן,
היים איך אַלץ ביי אים אַ קאַליקע!"

בויגט זיך, נויגט זיך אַ בלאַסער יונגערמאַן, שאַרט
זיך פון אַנטקעגנדיקן טיש,
אַרום דער וואַנט און קלערט: ווען זשע וועט ער
פאָרט אַראָפּנעמען פון האַרץ די האַנט,
וועט שוין ענדלעך אָנערקענען אַז איך האָב טאַלאַנט?
טראָגט דאָך אָבער ניגער אַ פּאָר קלאָרע ברילן, גיי
זשע נעם אַ קריטיקער פלוצלינג קריטיקירן,
וואָס פון סענטימענט-געפילן ער לאָזט
זיך ניט פאַרפירן.

איין מאָל אין דער וואָך, מאָנטיק אָדער מיטוואָך,
קומט אַרונטער פון עק וועלט, אַזש
פון קראָטאָנאַ פּאַרק רייזין אונזער גרעסטער דיכטער.
גראָד רייזין, לעבן זאָל ער, אויף לויב-געזאַנגען איז
ניט קאַרג, אַ באַזעלטער, באַשטראַלטער,
אַליין באַקומען קאָמפּלימענטן פון רעדאַקציע-
פאַרוואַלטער.
רייזין נויגט זיך, גריסט זיך לענג און ברייט,
צו גרויס און קליין, נאָענט און ווייט,
קאַוואַליערמעסיק, גאַלאַנט, דריקט ער אַלעמען די
האַנט, און זשאַלעוועט ניט:
„איר זענט, איר זענט אױף מיין וואָרט, א טאלאנט!"

„און דאָס מיידעלע, מיטן רויטן קליידעלע, קוק נאָר
אָן אַ חנ׳דעלע!
אײנגאַנצן ענלעך אַף מײן שיינדעלע! און די חבר׳טע,
אויך אַ ליבע מיידעלע,
אַ צערטלעכע, אַן איידעלע, הכלל,
איר זענט געניאַל !״

נעמט מען מיידלעך גלעטן פּאַר די הענט, און אַז אַ
מיאוסע מיידל, קומט איר ניט
קיין קאָמפּלימענט?

און באלד מארשירט אריין הערמאן גאָלד, דאַרף מען
אים ניט בעטן זיצן,
גאָלד טוט אַ שאָקל מיטן בערדל, און עס קנאַלן וויצן.
ניט נאָר ווערטער סתם, אַפילו לאַקרעץ, קאַבעבע
האָט ביי גאָלדן אויך אַ גראַם.
און אַז גאָט העלפט ניט דאָ געדאַכט, ביי אַ שרייבער
אַ לויה, ווערט שוין איינער פלוצלינג איבער
נאַכט אַן עסייאיסט, אַ דיכטער און איז זיך גאָר מחיה.

לאַנג לעבן זאָל דער שרייבער וואָס האָט זיך
אָפּגעטראָגן, וועט ער שוין האָבן עפּעס
שיינעס וואָס צו זאָגן.

ביים לעבן קען מען אין ראַיאָל דעם בעסטן דיכטער
אויך פאַרזען,
אים לאָזן זיצן אַ פאַרגעסענעם, אַ ניט געגעסענעם,
ווי קיינמאָל ניט געווען.

דערפאַר אָבער, ווען גאָט העלפט, דער שרייבער
גייט „אַף יענער וועלט״,
מאַכט מען אים הספדים, און פאַראַדן אַן אַ גראָשן
געלט.

פונם קלענסטן ביזן גרעסטן איז מען גרייט זיך צו
פארמעסטן,
צו באווייזן אַף צופלייסן, ווי ווייט עס גרייכט ביי
אונז טאַלאַנט,
כאָטש דער גאַנצער הספד קלעפּט זיך ווי אַן אַרבעס
צו דער וואַנט.
און צום יאָרצייט פון אַ דיכטער קומט אַ שרייבער
מיט אַ טענה,
און ער ריטשעט אַף סאָפּראַנאַ און צעקלאָגט זיך
והוא רחום
מיט אַ טאָן אַ לאַ מנחם.
איינער זאָגט: דער דיכטער איז געווען אַ לינקער,
אַ יעווסעק אָן עכטער, פּשט'לט באַלד אַ צווייטער,
אַ טעות, בסך הכל אַלעמאָל
געווען אַ רעכטער! ווערט לויה אַ ספּעקטאַקל, קייכט
מען שוין פון גרוים געלעכטער.
און ווען דער טויטער דיכטער וואָלט רעדן נאָר
געקענט, וואָלט ער זיך צעברילט
ווי אַ לייב אַ ווילדער, אויסגעברומט אַ געשריי:

„ביים לעבן ניט געשאַנעוועט האָט פון אייך איעדער
איינער,
וואָס זשע קומט איר צו מיין יאָרצייט וועקן מיינע
ביינער?
פון די לידער און עסייען, גליווערט יעדעס אבר,
לאָזט רוען, איר קאָלעגן, כאָטש איצטער אין מיין
קבר!"

פאַרוועלקט אין אָפּגעבליאַקעוועט איז איצטער שוין
מיין איסט בראָדווײ.
אומעטיק, פאַר'חושכ'ט, לאַנגווייליק ווי אַ געניץ
איז שוין אויך ראַיאַל קאַפיי!

## די נייע מגילה

(צו לייענען מיט'ן טראפ)

### א

ויהי בימי —
בשנת תיו-שין-הא
אדאָלף שיקלגרובער,
אַ וואנט שמירער,
איז פלוצלינג געוואָרן
ביי נאצים א פירער.
באהערשט ער דאָס לאנד
מיט אן אייזערנער רוט,
גיסן זיך טייכן
פון אידישע בלוט!

### ב

בימים ההם —
אין די טעג פון טשעמבערליין,
באשיצט מיט א שירעם,
נעמט היטלער'ן גלעטן,
איז פאר אים מקריב
דאָס לאנד פון סודעטן,
ווייזט אים א פינגער,
רייסט ער די האנט,
ליגט שוין פארגוואלטיקט
דאָס טשעכישע לאנד!

ג

אחר הדברים האלה —
האָט היטלער דערשמעקט
דעם ריח פון בלוט,
איז אים געוואָרן
אז וואויל און אז גוט.
ער וואַרט שוין ניט מער
מ׳זאל אים באַווויליקן,
רוצח פאַרמעסט זיך
א וועלט צו פאַרטיליקן.
בעלגיען דערשטיקט,
האָלאַנד צעטראָטן,
וועלט ווערט פאַרהילט
אין פינצטערן שאָטן,
מיליאָנען נפשות
אין לאַגערן קאָנצענטראַציע
טראַמפּלט אין שטויב
וועלט׳ס ציוויליזאַציע!

ד

שולן און טעמפּלען
פאַרברענט און צוטראָטן,
צו דיינקען, צו פילן,
צו אָטעמען — פאַרבאָטן,
קירעוועט צוריק
דאָס ראָד פון פּראָגרעס,
פאַרצווייפלט שטייט וועלט
און וואַרט אויף א נס!

ה

ובמלואות הימים האלה —
איז אויפגעשטאַנען אין ענגלאַנד

א מענטש מיט געפיהל,
טשעמבערליינס אָרט
פארנעמט ווינסטאָן טשוירטשיל,
ער וויל פאר דעם מערדער
ניט בוקן, ניט קניהען,
טשוירטשיל פארמעסט זיך
אף היטלער'ס ממשלה,
וועלט שיקט היטלער'ן
אן אייביקע קללה.
האָט ענגלאנד גענומען
שמידן געווערן,
אין פיין און אין בלוט,
אין שוויים און אין טרערן.
היימען און גאסן
פארשאָטן אין שטויב,
עס יובלט דער נאצי
ער האָפט שוין אף רויב.
נעמט וואקסן אין ענגלאנד
דער שטאָלץ און דער צאָרן,
היטלערן אין אויג
א גיפטיקער דאָרן.
„ענגלאנד קען נעמען,
אָבער אויך גיבן!"

ז

געזען אז ער קען ניט
ענגלאנד באזיגן,
פארקירעוועט זיך היטלער
אף סאָוועטן צו קריגן,
נאָר ביז ער דערגרייכט
צו סטאלינגראד,
מוז ער גאָר לויפן
„השיבינו נאַזאַד!"

ז

רוזוועלט און טשוירטשיל
דאַן גיבן זיך די האַנט,
באַזיגן דעם נאַצי,
פאַרניכטן זיין לאַנד,
און ווען צו אַ צוגאָב
צו נאַצישער סוויטע,
איז אויך צוגעשטאַנען
דער געלער הירהאָיטע,
איז געקומען אַ באַשלוס:
אין קאַירא באַשטימט
אַ מפּלה פאַר יאַפּאַן,
פאַר היטלערן אַ קבר
פאַרזיגלט אין טעהעראַן!

ח

פאַר נאַצישע הענקער
היינגען — די שטראָף,
פאַר היטלער געזינדל
אַ פינצטערער סוף,
פאַר האָדעווען רבנים
נבילות, טריף,
פאַר קוועטשן פון אידישע מוחות —
זייף,
פאַר מיליאָנען נפשות
אין גאַז קאַמערן,
זאָל נאַצי אין פלאַמיקן גיהנום,
זיך בראָטן און קלאַמערן,
סקילה, שריפה, הירוג און חינוק,
ניין, ניט גענוג, דאָס אַלץ איז וויייניג!
אָפּגעמעקט אַף אייביק
פון מענטשענס געדעכניש.

מוז ווערן דער נאָמן
פון היטלער — המן!
ווידער זאָל וועלט
לעבן אין פרידן,
א היטלער—פּורים
האָבן זאָלן אידן!

**ט**

און געקומען איז דערנאָך אַ טאָג,
אַף היטלער'ן און הימלער'ן,
אַף ראָזנבערג און געבלס'ן
איין גרויסע פינצטערע קלאָג,
עס האָט זיי אלעמען געטראָפן
א שווארצער, גרויסער בראָך,
ווען עס איז געפאלן
ווי א קאָרטן שטיבל
דער נאצישער יאָך.
יעדער שפאן ערד
אין לאנד פון דעם נאצי
געוואָרן איז וויסט
אונטער די אייזערנע קלעפּ
פון דער אָקופּאציע.
צעטראָטן עס ליגט די נאַצישע שלאַנג,
ווען פון געטאָס דערהערט זיך
א מעכטיק געזאנג,
באגלייט פון צעריסענע
קייטען — געקלאנג.
„צום אומגליק, צום חורבן,
עס קומט באלד א סוף,
אייביקער האס און נקמה,
פאַר נאַצים אַ שטראָף!"
הילף און רעטונג

דערגרייכט שוין צום ברעג,
און קדושים יובלען און זינגען:
„זאָג ניט קיינמאָל
אז דו גייסט דעם לעצטן וועג!”
עס האָט דעם נאַצי רוצח
ארומגעכאַפּט א פּחד און אן אימה
ווען עס האָט אין וואַרשע'ס געטאָ
אויפגעשאלט דאָס נצחון ליד:
„אני מאמין באמונה שלימה!”

י

נאַצי שלאַנגען וואיען איצט
און רעווען,
מיט א הינטישער יללה,
און אידן אין די געטאָס
יובלען, עס דערהערן זיך
די בשורות פון גאולה.
שירות, מעכטיקע, פלאמיקע געזאנגען,
עס איז די לופט פארקלונגען
פון גאולה קלאנגען!
א סוף עס קומט צום גיהנום,
דערלעבט זיך נייע צייטן,
הענט און פיס, הויט און ביינער
אָבער פריי פון קייטן!
טראָגט זיך אין דערלופט
די בשורה פון גאולה
דער וועלטס גרעסטער נס,
די בשורה מאכט א רושם,
נאָך א שעה, נאָך אַ מעת-לעת
און עס ווערט באפרייט
דאָס פאָלק ישראל, עם קדושים!
איבער געטאָס, איבער וועלטן,

שוועבט דער גייסט דער אייביקער
פון קדושים מיליאָנען,
א נייע בשורה גרייכט אין געטאָ:
„אין ישראל פלאטערן שוין
די ווייסע בלויע פאָנען!״
א ליד, א חדוה׳דיקס,
צעשאלט זיך אַף דאָס ניי,
און א גאנצע וועלט באגלייט אין כאָר
און זינגט: **עם ישראל חי!**
אויפגעהאנגן ווערט דאָס גאנצע
הינטישע געזינדל פון דעם נאצי,
און פאר דער גאָרער וועלט
א בשורה שאלט:
**ישראל׳ס דעקלאראציע!**
פון ארבע כנפות האָרץ
ציהען פליטים, צו א היים,
אן אייגענע, א פרייע,
און א וועלט מיט אידן
כאפן אויף די שירה פון גאולה,
א שאלענדע, א נייע!

## יא

**ליהודים היתה אורה:**
קלינגט עם מעשי נורא
בשנת תיו שין חית
פון אלע נסים גרעסטער נס:
געטאָ אידן האַלטן מלחמה,
נקמת דם השפוך
פאַר זקן און יתומה,
צעפראַלן אַף שטויב געטאָ טויערן,
עם צעפאַלן שטאָלענע געטאָ מויערן,
גרייט מען תליות פאַר די נאַצים

פאַר פייניקן אידן
אין לאַגערן קאָנצענטראַציס,
איבער שיפן, איבער באַנען,
אפילו אויך מיט עראָפּלאַנען
זאַמלען זיך באַפרייטע אידן,
פון איראַק, איראַן און תימן,
זינגען זיי, טאַנצן זיי,
עס קלינגט דער נייער הימן:
דורך בלוט און דורך פייער,
אויסגעלייטערט פון יסורים
געקומען איז אַ טאָג אַ נייער,
פרייט זיך אידן, לעבט אין פרידן,
עס האָט די וועלט אַ נייעם פורים!

# מיין אויטאָפּאָרטרעט

(גראָטעסק)

א

דערציילט מיר אַנומעלטן,
מיין בערטא,
די פּלונית׳טע מיינע,
„עס האָבן גוטע פריינט
צו דיר אַ טענה:
„סטייטש, אַ מענטש אַ גרויסער,
און דאָך — אַ נאַרישער ייד,
דאַכט זיך אַריבער די זעכציק,
און זינגען, ער ווערט אַלץ ניט מיד״.
זאָג איך: מ׳קען זיי, יענע לייט,
ליידיק־גייער, האָבן אַ סך צייט,
טאַדלען כסדר מיט די פינגער,
גלאַט גערעדט, בייזע צינגער.
„אַ ייד שוין איבער זעכציק יאָר,
פון פאָרנט אַ פּליך ,אַ קאָפּ אָן האָר,
אַ טאַטע פון מיידלעך
דערוואַקסענע אַ פּאָר,
מעג שוין האָבן אַ טראָפּעלע שכל,
בלייבן שטיין רואיק פון וויטן,
ווען אַ מיידל וואַרפט אים אַ שמייכל.
כ׳לעבן שוין צייט,
צו ווערן אַ לייט,
צו נעמען באַטראַכטן, באַקלערן,

אָנהויבן זאָרגן פון תכלית,
פּאָרט, וואָס־זשע וועט ווערן?"

ב

זעץ איך זיך אַוועק
מיט בערטאַן,
מיר דאגה'נען און טראַכטן,
ביז זי זאָגט מיר:
„הערסטו, מאַן מיינער,
כ'לעבן ניט כדאי,
אייביק וועט מען דאָך
ניט לעבן, סיי ווי סיי".
און אַז עס ווערט מיר
גאָר שוין שלעכט,
בין איך מיט איר מסכים:
„ווייב מיינס, טייערס,
דו ביסט גערעכט.
כ'האָב אָפּגעקלערט און אָפּגעטראַכט
אַ טאָג מיט אַ נאַכט,
דעם שטערן געקנייטשט
אַ גאַנצן מעת־לעת,
און איינס ווייס איך,
דאָס איז זיכער,
ווערן וועט פון מיר אַ מת!"

ג

נעמט איינער רעדן
מיט מיר פון תכלית,
און פרעגט מיך
וואָס איך האָב בדעה צו טאָן,
שטעל איך אים אויס

אַ קינדערשן שמייכל,
איך צעעפן ברייט די אויגן
און קוק אים גוט אָן:
„אייביק שפּאַנען זון אַנטקעגן,
זיך שפּיגלען אינם רעגנבויגן
נאָך אַ רעגן״.
נאָכן שטורעם און גוסרעגן
קומען באַבלומטע טעג, לרוב,
איז מיר וואויל און גוט,
און איך זינג: כי טוב!
יעדער טאָג אַ נייער בראשית,
יעדע בלום אַ פרישע יצירה,
דערפרייט עס מיך,
זינג איך שירה,
איז מה רעש?
די גאַנצע וועלט — מיין אכסניה,
מעשיות, לידער
מיין באַגאַזש!

ד

נאָר אויב שוין ווערן
יאָ „אומשטערבלעך״
ווי ביי „גדולים״ זיך עס רעדט,
בין איך קודם ניט קיין גדול,
נאָר איך נעם מיין „שער און נאָדל״
און פאַרקאַטשע גלייך די אַרבל
מאָל אייך אויס פון מיר אַ צאַצקע,
יאָ, ווי רופט איר דאָס?
אַן אויטאָפּאָרטרעט!
טאַקע פון מיין אייגן פּרצוף,
פול מיט שאָטן, אַ טראָפּן ליכט,
און אָט־האָט־איר עס,

דאָס בין איך
בכבודי ובעצמי,
מיין ווינציקייט, אייער קנעכט,
מיט מיין צאַצקעדיק געזיכט.
און איך שווער אייך בנאמנות,
ביי מיינע זעקס־און־זעכציק יאָר,
מאָלן וועל איך אָן רחמנות,
קנאַפּע מעלות, מער חסרונות,
ניט געמינערט אַף אַ האָר.

ה

און איך נוץ קיין פאַרב און פּודרע,
שמעק קיין בלימל ניט אין לאַץ,
איך האָב קיינמאָל ניט געקליבן
קיין קלינגענדיקע ווערטער
אויסצוצאַצקען מיר אַ זאַץ.
חסרונות? יאָ, איך האָב אוודאי,
צו וואָס פאַרגלעטן זיי מיט שמינק?
מענטשן זעען ניט אייגענעם הויקער,
מורמעלט מען אויף מיר,
מ'זאָגט — איך טרינק.
נאָט אייך נאָך אַ שטיק חסרון,
אַ לעגענדע שוין
פון כמה יאָרן,
מ'זאָגט: איך שפּרינג
ווי אַ פויגל אַף דעכער
אַהין און צוריק איבער וועלט,
און קעשענעס האָב איך מיט לעכער,
האַלט זיך אין זיי ניט קיין געלט.
זאָג איך: די מעשה איז אַן אמת,
עס איז שוין אַ מעשה פון יאָרן,
אַזוי און ניט אַנדערש,

עס איז פון געבוירן,
איך שטיי ניט,
איך האַלט נאָך אין פאָרן!
נו, איצט אַ מעשה מיט טרינקען,
טרינקען כוסות אָן אַ צאָל,
געווען אַמאָל אַ טרינקער, אמת,
נאָר מאַלע וואָס געווען איז אַמאָל.
טרינקען — ווי טרינקען,
זינגען דער עיקר,
פאַרזינגען דעם אומעט,
די לאַנגווייל,
זאָל מיינען די וועלט,
איך בין שיכור.
נו, לאַך איך זיך אוים,
אין האַרציקער פרייד,
אין האַרצן אַ פייער
זאָל ברענען,
זינג איך פון לוסט,
עס שטורעמט די ברוסט,
זינגען אַזוי, דאַרף מען קענען!

ו

יאָ, עס איז אמת אַז איך בין
ווי אַ סטרונע, שמאָל און דין,
אַ לאַנגער און אַ הויכער
און דערצו כסדר איך רויכער,
און שלינג ציגאַרעטן,
און זינג אַף באַנקעטן
מ׳דאַרף מיך אפילו ניט בעטן!
ציען טעג ווי וואָלקן גרויע,
חלום איך פון נעכט כאָטש בלויע,
שפּאַציר איך מיר מיט דער לבנה,

צייל די שטערן מיט כוונה,
קושט לבנה מיך אין באַק
קלייב איך רענדלעך
אַ פולן זאַק.
לבנה־שטראַלן, הימלען בלויע,
פאַרגלעטן מיינע טעג די גרויע,
נאָך אַ שטורעם, אַ גוסרעגן,
שפּאַן איך ווידער זון אַנטקעגן.
גייט אויף זון אין מאָרגנרויט,
פאַרגעס איך אַז עס פעלט אַף ברויט.
און מיין בערטאַ, שיין און איידל,
רויטלט זיך, אַ כלה־מיידל,
אַ מלכה אין אַ ציצן־קליידל.
גיב איר אַ שטיבל במקום אַ הויז,
ווערט עס אַ פּאַלאַץ, מיילן די גרויס.
פון איעדן טישל, פון איעדן ווינקל
שיינט אַראָפּ אַ רויטע רויז!

ז

זינגט דאָס האַרץ
אין מיר כסדר,
עלעהיי אַ יינגל,
פריי פון חדר,
טאָ וואָס מיר סדר,
ווער מיר טאָלק,
אַז איך וויל ניט זיין קיין גדול,
בין אַ ייד אַ פּשוטער,
גלאַט, איינער פון פאָלק.
יאָ, איך וויים, מ׳רעדט,
נאַר, ווייסיך . . . עט!
„אַזאַ ייד ווי איך אין יאָרן,
האָט אַ שרעקלעכן חסרון,

אנשטאט עלטער — זעט אויס יינגער,
קאָן ניט רוען מיט אַ פינגער,
האָט אַ פּנים פון מעפּיסטאָ,
און צוויי טייוול — ברעמען שוואַרץ.״
אָבער, אַ פּאָר קינדערש־דינע ליפּן,
און אַ פידל שפּילט אין האַרץ.
טאָ דולט מיר ניט דעם קאָפּ מיט חשבון,
ציילט מיר ניט דאָס ביסל יאָרן,
רעדט מיר ניט פון טאָלק און סדר,
עלעהיי ס׳איז זעכצן מיר געוואָרן,
כ׳בין ערשט היינט אַרויס פון חדר.
ס׳איז מיין נחת, פאַרגעניגן,
צו פאַרגיין זיך אין אַ ניגון,
קאָן איך זינגען זיבן שעה׳ן,
רויטלען זיך מיידלעך,
קוועלן אָן פרויען,
ווערט מיר וואַרעם אין אַלע גלידער,
זינג איך פרישע זיבן לידער.

ח

שטייען מאַנסבלען אָנגעכמורעט,
קאָכט און זידט אין זיי די קנאה,
נעמט מען רעדן לשון־הרע,
זשומט און ברומט אומזיסטע שנאה,
שמייכלט זים צו מיר מיין בערטא,
איר׳ס אַ פינגער גלעט מיין האַנט,
רויכער מיר אַ ציגאַרעטל,
זי דערלאַנגט מיר שטיל אַ צעטל:
„זאָל דיך אָרן ווי די וואַנט!״
דו קענסט דאָך זיי, די פיינע לייט,
גיב אַ קוק, זייט ביי זייט,
כאַפּ אַ בליק אין פאַלשע אויגן,

נו, מיר ווייסן,
אַ רכילות איז געפלויגן".

ט

און ווען איך קום אַהיים ביינאַכט,
שמייכל איך, קלער און טראַכט,
אַט דאָס אַליין איז ניט קיין סימן,
אַז דער אַנדערער איז בעסער.
ווייל פון זאָגן און פון רעדן,
איך ווער ניט קלענער
און ניט גרעסער.
אַ מענטש דאַרף זיין
אַ בעל־הבית
אויף זיין אייגן שטיקל לעבן.
אַמאָל איז ער שלעכט,
אַן אַנדערש מאָל גוט,
און איך — בין ביידע.
און וועל בלייבן כסדר
מ—אַ—ל—אַ—מ—ו—ט.

## עפּל־צווייט

איז אַ פֿייגעלע געפֿלויגן
פֿון ווירדזשיניאַ אַ טאָג
זיך אָפּגעשטעלט רוען אויף נאַכט
אין שפּאַלט פֿון אַ וואַנט
אין מערילאַנד.
צו מאָרגענס באַגינען
האָט דער פֿויגל פֿון ווירדזשיניאַ
אַ פֿרילינג בשורה מיר געבראַכט
טווייט, טווייט, טווייט, טווייט, טווייט,
אין ווירדזשיניאַ האָט שוין דער
פֿרילינג צעבליט
און אַלע עפּל באַקליידט אין צווייט.

צווייט דער עפּעל,
צווייט דער בוים
עס איז אַ כּישוף,
פֿרילינגס טרוים.

שורהס ביימער, מיילן ווייט
גרינען, בליען, טריט אויף טריט
אַלע ביימער אָפּגעשאַטן
שעמערירן פֿול מיט צווייט.

שימער, חלום, סוד און כּישוף,
פֿעלד און וואַלד האָט אויפֿגעבליט
אין ווירדזשיניאַ מיליאָנען
— עפּל ביימער שיסן צווייט.

פויגל, שמעטערלינג און בינען,
פלאַטערן אין גאַנץ ווירדזשיניא
קאָרן־בליטן, ווייצן־זאַנגען
שעפּטשן תפלות און געזאַנגען.
זינגט דער פויגל אין די בלומען
ס'איז דער פרילינג שוין געקומען,
כאַפּט עס אויף די בין אין אויער
און חלומט פון אן האָניג־מויער.

האָניג וואַנט, און האָניג דעכל
האָניג אין אַ יעדן לעכל,
צווייט פון ווייץ און פון פלאַקס
וועט חוץ האָניג זיין אויך וואַקס.

פון די בלומען האָניק־זאַפט
פון דעם פלאַקס וועט טריפן וואַקס
וואַקס וועט ברענען העל ווי נאַפט
ליכט וועט ברענגען מוט און קראַפט.

שטייען בוימער מיליאָנען
אויסגעפּוצט אין ווייסע פאָנען
עפּל־בוימער טריט בא טריט.
אָפּגעשאָטן אין עפּל צוויט.

און אף יעדן בוים אַ פויגל
ווי אַ וועכטער שטייט און היט
היט די בוימער אָנגעלאדן
יעדעם בוימל פול מיט צוויט.

בוים באבלעטערט, גראָז צעגרינט
גאָטס א חלום אויסגעשפּינט

שטייען יום טוב׳דיק פֿאַרפּוצט
קאַקטעטירן מיטן ווינט.

און דאָס ווינטל ווי פֿאַרכשופֿט
מילדער ווערט, און זאַפּט געטריי
רוימט אריין אַ סוד אין אויער
כ׳בין דער פרילינג־ווינטל מאי.

# מיין אָפּשיידס־אָוונט

איך האָב זיך אָבער געבעטן ביי זיי: איך וויל ניט קיין אָפּשיידס אָוונט, צו וואָס דאַרפט איר דאָס? אָפּגעוועזן ביי אייך אַ חדשים דריי, געמאַכט באַקאַנטשאַפט, גערעדט און געזונגען, געגעסן ביי אייך מיטאָקס און געטרונקען מיט אייך טיי, איצט זייט אייך געזונט, און לאָזט מיך אַוועקפאָרן אָן אַן אָפּשיידס אָוונט!

האָבן זיי אָבער גע׳טענה׳ט: ניין, עס איז ניט שיין, עס פּאַסט ניט — ניט פאַר אייך, ניט פאַר אונדז — סטייטש, אַזאַ גאַסט, אַזוי גוט פאַרבראַכט מיט אונדז, און פּלוצלינג אַוועקגעפאָרן אָן אַ באַנקעטל! ניין, מיר מוזן אייך געבן אַן אָפּשיידס אָוונט.

בקיצור, איך האָב צוליב געטאָן און עס איז געבליבן, אַז מ׳וועט מיר מאַכן אַן אָפּשיידס אָוונט, שבת־צו־נאַכטס, פון היינט איבעראַכטאָג . פיין, אָנגעלייגט.

האָט מען צעשיקט בריוו און איינלאַדונגען — אַז שבת־צו־נאַכט איז די גרויסע שמחה — דער אָפּשיידס אָוונט. אין דעם גרויסן, שמאָלן חדר, האָט מען אָנגעשטעלט נאָך שמעלערע, לאַנגע טישן, איבערגעקערט עטלעכע קעסטלעך פון פּרוכט, און עס איז געוואָרן בענק, און די טישן האָט מען באַשיינט מיט די שיינע פלעשעלעך רויט סאָדע־וואַסער, און אין זאַל האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן די שיינע בחורים מיט די רויטע באַנטיקלעך, און חנ׳עוודיקע מיידלעך און ווייבלעך מיט די געקראָכמאַלעטע קליידלעך און ווייסע, זיידענע בלוזקעס.

מיך אַליין, דעם מחותן, שלעפּט מען צום אויבנאָן; אַ קלייניקייט, עפּעס, מיין אייגענער אָפּשיידס אָוונט!

זיץ איך אויבנאָן, און דער פאָרזיצער עפנט דעם אָוונט

און דערקלערט פֿאַר די געסט, וואָס פֿאַר אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט איך בין, און ער פֿאַרגעסט זיך בעת מעשה, אַז איך אַליין לעב נאָך, און מיינע אויערן הערן דעם גאַלדענעם שבח וואָס ער זינגט צו מיין רעפּוטאַציע, און עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז ניט אַנדערש נאָר אַז איך בין שוין געשטאָרבן און אַז מען מאַכט מיר אַ הספּד. נאָר צו אַלץ נעמט דאָך אַמאָל אַ סוף, בין איך דאָס אויך איבערגעקומען. האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַ נייע פּאַרציע אָפּקומעניש — רעדעס. דער טשערמאַן וויל פֿאַר אַלעמען יוצא זיין, און טיילט ווערטער, און יעדער איינער וויל מיר ווייזן, ווי שיין ער קען ריידן; און איך זיץ, און הער, אַז איך בין גרויס, אַז איך בין קלוג, אַז איך בין שאַרפֿזיניק; בקיצור, איינער וויל איבערקליגערן דעם צווייטן מיט זיין דרשה, און אַלץ אויף מיין חשבון.

און צום סוף בין איך שוין גאָר גערירט געוואָרן פֿון דער מענטשלעכער גוטסקייט, וואָס האָט אָנגעהויבן דעמאָנסטרירט ווערן אין דעם געשטאַלט פֿון מתּנות.

איינער האָט מיר געשאָנקען אַ שרייב־פּען און אַנאָנסירט, אַז זי קאָסט צוויי־און־אַ־האַלב דאָלער, און די פּען איז איבערגעגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט ביז זי איז ענדלעך אַ פּאַר׳חלש׳טע געבליבן לעגן לעבן מיר, אַ פֿאַרשוויצטע. אַ צווייטער האָט מיר געשאָנקען אַן „אינגערסאָל" זייגערל, פֿאַר אַ דאָלער מיט אַ האַלבן, און יעדער איינער האָט געדרייט און אָנגעצויגן דאָס זייגערל, ביז עס אָנגעקומען צו מיר און געבליבן שטיין, און מער קיין כּח ניט געהאַט צו רירן מיט אַן אבר.

דערנאָך האָט מיר אַ דריטער געשאָנקען אַ רעגנשירם, אַ פּערטער — אַ פּאָר מעשענע זיאַפּינקעס צו אַן אויבערשטער העמד; בקיצור, איך האָב אין מיין לעבן ניט גע׳חלומ׳ט, אַז מענטשן קענען מיט איינמאָל ווערן אַזוי גוטהאַרציק.

צום סוף האָב איך נאָך אַליין אויך געמוזט האַלטן אַ

רעדע, אַלעמען באַדאַנקט, און גאָר צום סוף האָט מען נאָך איבערגעזונגען וואו עס איז נאָר געווען ערגיץ אַ יידיש לידל, מיט „נסים ונפלאות״, מיט „רבי׳ניו״, און דריי אַזייגער ביינאַכט האָט מען פאַרשלאָסן דעם „האָל״, זיך צעזעגנט, צעקושט, און איך בין אַוועק אַהיים.

זאָגן אייך דעם אמת; געדאַרפט האָב איך כאַפּן די ערשטע באַן און אַוועקפאָרן. בין איך דאָך אָבער איך, ווייס איך דאָך, אַז מאָרגן, וואו עס וועלן זיך נאָר טרעפן צוויי פון די פערזאָנען, וואָס זיינען געווען אויף מיין אָוונט, וועט איינער אַ זאָג טאָן: טאַקע אַוועקגעפאָרן, אַ שאָד!

פאַלט מיר מיטאַמאָל אָפּ דער חשק אַוועקצופאָרן, און איך באַשליס דערוויל בלייבן. גייט אַוועק אַ שטיקל צייט, גיי איך אין גאַס און אַנטקעגן קומט מיר אָן דער פאַר־זיצער פון דעם אָפּשיידס אָוונט, לויף איך אים מסתמא אַנטקעגן, וויל זיך מיט אים אַרומכאַפּן, ווי דער שטייגער איז. וועט איר מיר גלויבן, איך האָב באַקומען פון אים אַזאַ קאַלטן שלום עליכם, אַז עס איז מיר געוואָרן קאַלט אין אַלע איברים. נאָך אַ לאַנגן שווייגן גיט ער מיך אַ פרעג:

— איז זענט איר, הייסט עס, נאָך ניט אַוועקגעפאָרן. טו זייט זשע מיר נאָכאַמאָל געזונט — און ער אַנטלויפט, ווי אָדער איך, אָדער ער וואָלט באַגאַנגען אַ גנבה.

אויף מאָרגן, גיי איך ווידער אין גאַס, און באַגעגען נאָכאַמאָל עפּעס אַ באַקאַנטן, שטעלט ער מיך אָפּ.

— שלום עליכם אַ ייד! ווען זענט איר געקומען צוריק? לאַך איך און איך ענטפער אים — איך בין נאָך ניט אַוועק־געפאָרן!

— וואָס הייסט, ניט אַוועקגעפאָרן? מיר האָבן דאָך אייך געגעבן, דאַכט זיך, אַן אָפּשיידס אָוונט, ניין? הא!

ווערט מיר שוין אפילו פריקרע, און איך הויב אָן ווי זיך פאַרענטפערן, כאָטש איך האָב ניט פאַרבראָכן:

— אָפיציעל — זאָג איך — בין איך שוין אַוועקגעפאָרן,

נאָר וואָס האָב איך קיין צייט ניט, איך קען דאָך פאַרן מאָרגן, איבערמאָרגן.

פטור געוואָרן פון דעם צווייטן, קומט מיר באַלד אָן אַ דריטער; און ער נעמט זיך ווידער צו מיר:

— זע נאָר, אָט איז ער דאָך דאָ! מ׳האָט מיר אָבער גע־זאָגט, אַז ער איז ניט אַוועקגעפאָרן און איך האָב זיך ניט געוואָלט גלויבן, אַ שיינע מעשה, ביי מיין וואָרט.

בקיצור: עס איז מיר געוואָרן ענג אין שטאָט. וואו איך בין געגאַנגען, האָט מען אויף מיר געטייטלט מיט די פינ־גער, און געשושקעט זיך: „אויסגענאַרט אַ באַנקעטל, אַן אָפשיידס אָוונט, מיט זייגערלעך, מיט רעגנשירמס, מיט שרייב־פענעס, און וויל ניט אַוועקפאָרן״.

איינמאָל, ווען אַ ייד האָט מיך געטראָפן אין גאַס און זיך אָנגערופן צו מיר:

— הכלל, ווען פאָרט איר? — בין איך אַזוי אויפגערעגט געוואָרן, און אים אַריינגעשריען אין פנים אַריין:

— הערט אויס, ניט איך גיי אַרום אויף אייער וועלט, און ניט איך מוז אייך זאָגן, ווען איך פאָר אַוועק. און אַז איר ווילט גאָר וויסן, קלער איך אינגאַנצן ניט אַוועק־צופאָרן, און טוט מיר עפּעס!״

נאָר מיט דעם האָט זיך נאָך די מעשה ניט געענדיקט: אין עטלעכע טעג אַרום, גאַנץ פרי, קלאַפּט מען אין טיר. עפן איך אויף, און איך דערזע אַ קאָמיסיע פון זיבן. בעט איך זיי אַריין, טרעט מען אַריבער די שוועל, נאָר מ׳איז ברוגז. איך פיל אין דער לופט, אַז אָט, אָט און עס וועט אויסברעכן אַ שטורעם.

— וואָס וועט איר עפּעס זאָגן? — פרעג איך זיי.

— מיר זענען געקומען אויסגעפינען פאַרוואָס איר זענט ניט אַוועקגעפאָרן, מחמת עס פירט זיך, אַז נאָך אַן אָפשיידס אָוונט, בלייבט מען ניט אין שטאָט. עס האָט קיין פנים ניט!

— עס קומט אויס, ווי איר וואָלט בכיוון אויסגענאַרט אַן אָפשיידס אָוונט. — און דער דריטער פאַלט אַריין אין

די רייד — מיט זייגערלעך, מיט רעגנשירמס, מיט שרייב־פּענעס. פּע, ס'איז ניט שיין פון אייער זייט!

וואָס טויגן אייך מעשיות, איך האָב אָפּגעגעבן דאָס זייגערל, מיט דער שרייב־פּען, מיט דעם רעגנשירם, איך האָב זיך מיט אַלעמען צעקריגט, צעווערטלט, און דער סוף איז געווען, אַז איך בין ערשט אַוועקגעפאָרן, און אָן אַ זיי־געזונט!

# באַנקעטן און באַנקעטעלעך

גוים מאַכן באַנקעטן, אָבער מיר יידן — באַנקעטעלעך!

איר זענט אַמאָל געווען אויף אַ גוי'אישן באַנקעט? איר האָט געזען ווי אַזוי גוים מאַכן הכנות צו זייערן אַ באַנקעט? היינט ווייסט איר וואו גוים קען איינפאַלן צו מאַכן אַ באַנקעט? איר וועט גאָר ניט טרעפן, ווייס איך, ערגעץ הינטער די הרי־חושך, אין סטאַטלער האָטעל, אָדער האָ־טעל בילטמאָר. איז אַזוי: צעשיקט מען פריער שטאַפּעטן, אַז מאָרגן פונקט אַכט־דרייסיק, וועט אין זאַל פון האָטעל פּאָרקומען אַ באַנקעט, און אַ טעלער וועט קאָסטן פינף דאָלער, און איר זאָלט אַזוי גוט זיין און גלייך רעזערווירן אייער פּלאַץ.

און אַז איר וועט פּאַר בעלנות אַריינגיין אין דעם בלויען זאַל פון האָטעל, וועט איר זען, אַז אַלע זיינען געקומען, און פונקט אַכט דרייסיק, ניט אַ מינוט פריער, ניט אַ רגע שפּעטער.

אַלע שטייען אָנגעצויגענע ווי אויף דראָטן, אין די ווינקלען פון דעם בלויען צימער, מען שטייט און מען שווייגט, קיינער וועט ניט אַרויסרעדן אַ הויך וואָרט, מען וועט ניט מפסיק זיין, ווי אין מיטן דער שמונה עשרה . . .

מיטאַמאָל גייט דער פּאָרזיצנדער און זעצט זיך אַוועק אויבנאָן, און גיט אַ וואונק צו דעם עולם, אַז מען מעג זיך שוין זעצן, און ער זאָגט, אַז יעדער איינער וועט גע־פינען זיין נאָמען אויף אַ צעטעלע, לעבן זיין טעלער. גייט מען און מען זעצט זיך אַוועק, און עס איז ווידער שאַ, שטיל, אַ בית עולם.

דערנאָך קומט צוגיין אַ פּאָלק מיט קעלנער, שטעלט זיך אַוועק הינטער אייער פּלייצע, און איר קענט זיך אַליין קיין ריר, קיין בויג ניט טאָן. פונקט ווי איר וואָלט געלעגן

אין אַ שפּיטאָל. וואַסער — גיט אייך דער קעלנער וואַסער, ברויט, פּוטער — ניט אייער עסק. טשעפּעט ניט, מען וועט אייך אַלץ געבן. גיסן די קעלנער אָן אַלע גלעזער וואַסער, און אַזוי גיך ווי דער פּאַרזיצער האָט זיך אָנגערירט אין זיין גלאָז וואַסער, ווערן מיטאַמאָל אַלע געסט דורשטיק, און הויבן אויך אָן צו זופּן קאַלטע וואַסער. נאָכן וואַסער, איז מען זיך אויף אייך מרחם און מען דערלאַנגט אייך אַ בולקעלע, די גרויס ווי אַ גענעץ, ניט גענוג אויף איין צאָן, און צו דעם בולקעלע גיט מען אייך די ערשטע פּאָט־ראַווע. טרעפט וואָס. ווייס איך וואָס, און מיט טויזנט קעפּ אַז איר וועט זיין, וועט אייך דען איינפאַלן, וואָס פאַר אַ פּאָטראַווע גוים קענען סאַרווירן אויף אַ באַנקעט? בקי־צור, לאָמיך אייך שוין זאָגן: מען דערלאַנגט אייך אַ שי־סעלע קלעמס, אויסטערס אַזעלכע, דאָס איז אַזאַ מין ים־חיה׳לע, אין אַ טשערעפּאַכע־שיסעלע, איר קענט עס ניט קייען, ס׳איז גליטשיק, נאָר שלינגען, טויט אָדער לעבע־דיק, איר מוזט עס אַרונטערשלינגען, און אַראָפּ פון טיש!

אָבער קיינער פאַרקרימט זיך ניט. שאַ, שטיל, גע׳פּטרט, און מען שווייגט ווידער. נאָר טאָמער איז איינער באַרע־דעוודיק, דאָס מאכל געפעלט אים זער, גיט ער אַ רעד צווישן די ציין: „פיין, דעטס נייס״. ווערט אַ שטילער גע־פּליסטער ווי צווישן זומער־פליגעלעך: „נייס, דעטס נייס, ווערי נייס״; און עס ווערט ווייטער שטיל . . .

דערנאָך גייט עס שוין מאַשינאַלנע; זופּ איז אַלעמען זופּ, אַלע ווי איינער זיצן מיט אַ טיפן ערנסט, און מען עסט זופּ. ניט קיין פּיפּס, ניט אַ שאָרך, קיינער גיט זיך ניט קיין ריר פון אָרט, ווי מען וואָלט מורא געהאַט עמיצן אויפוועקן פון שלאָף. געבראָטנס, איז אַלעמען געבראָטנס. ביר, איז אַלעמען ביר. טיי, איז אַלעמען טיי. וואָס דאַרפט איר מער, אפילו ציגאַרן — אַלעמען אַ ציגאַר, און פון דעם אייגענעם קעסטעלע, פון דעם אייגענעם סאָרט.

און אַז זיי זיינען שוין גאָר וואוילע יונגען, און ווילן שוין נאָכן עסן עפּעס זינגען, ווייסט איר וואָס זיי זינגען?

„ווי וואָנט קאַם האָום אָנטיל מאָרנינג, ווי וואָנט קאַם האָום אנטיג מאָרנינג”, און נאָכאַמאָל די אייגענע חכמה: „ווי וואָנט קאַם האָום אָנטיל מאָרנינג, ווי וואָנט קאַם האָום אָנטיל נון”. אָנטיל נון, הע? מיינט איר דאָך, אַז ערשט איצט וועט מען פאַרקאַטשען די אַרבל ביז איבער די עלנ־בויגנס, און מ׳וועט ערשט אָנהויבן פאַרברענגען, הע? שטעלט זיך אויף דער טאָסטמייסטער און ער זאָגט:

„וועל, עפּטעראָל, ווי העד אַ נייס טיים, וואָט דו יו סעי, ווי גאָ האָום . . .” שטעלן זיך אַלע אויף און זאָגן נאָך דעם טאָסטמייסטער, „ע נייס טיים, יו בעט! לעטס גאָ!”

מען רעדט ניט, מען זינגט ניט, מען שרייט ניט, ניטאָ פון וואָס צו רעדן, און מען נעמט זיך אַרויסשאַרן פון הינטער די שטולן, מען נעמט די היטלען מיט די מאַנטלען, און מען חזר׳ט איבער דעם פּסוק: „נייס טיים, יו בעט, גוד נייט, גוד נייט!”

מישטיינס געזאָגט! אָט האָסטו דיר אַ גוי׳אישן באַנקעט, געפונען פון וואָס צו רעדן! . . .

— — —

אָבער צוריקשמועסנדיק ביי אונדז יידן אַ באַנקעטעלע, הע? מאַלע ווען, אין אַ פּראָסטן מאַנטיק, אין אַ מיטוואָך נאָך אַ לעקציע, מ׳שרייבט טאַקע אַכט דרייסיק, ניין אַזייגער זיצט מען נאָך אינדערהיים. צען אַזייגער הויבט מען זיך אָן קלייבן. און אַז מ׳קומט צען דרייסיק, האָט מען גאָרניט פאַרשפּעטיקט. אָדער נאָך אַ זיצונג, ווייס איך, קומט אַ ייד פון ניו יאָרק, אָדער פון ראָטשעסטער, אַ חילוק אַ גרויסער, גיט מען זיך אַ לאָז אַריין אין אַ רעסטאָראַן, איינער מיט אַ שטעקן, אַ צווייטער מיט אַ רעגנ־שירם, אַ דריטער גאָר אָן אַ היטל, איינער לויפט פאָראויס, און גיט אַ וואונק צו דעם רעסטאָראַטאָר, ווי איינער רעדט: היט זיך, מען גייט, מען קומט! און די געסט אַליין, אַזוי שנעל ווי זיי באַלאַגערן דעם רעסטאָראַן, גיבן זיך אַ כאַפּ פאַר די טישן, מיט די בענקלעך, מען רוקט, מען שלעפּט, און איידער דער גאַנצער עולם איז נאָך דאָ, ווערט שוין

פון אַלע טישן איין טיש, אַ פערטער פאַרמאַכט דאָס פענצ־טער, מען רעדט, מען שרייט, און מען נעמט קאָמאַנדעווען מיט דעם קעלנער, ווי אויף אַ יאַריד. מ׳הויבט אָן באַ־שטעלן אַ באַנקעטעלע.

— מיר ציבעלע מיט הערינג, אָבער ציבעלע, ניט ווי נעכטן. האָסט געזען וויפיל ציבעלע ער האָט מיר דער־לאַנגט, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען זאַפערין! וועט איר געדענקן! און — מיר פיש מיט כריין, אָבער כריין, ניט קיין באָרשט! און מיר — גלעט זיך איינער ביי די וואָנ־צעס — מיר גיט אַ טעלער לאַטקעס, נאָר געפּרעגלט אין פּוטער, אַז ניט, וועל איך זיי שיקן צוריק!

אַ פערטער איז שוין גאָר אין די עולמות עליונים. האָט ער זיך פאַרטיפט אין אַ מאמר, און אַזוי ווי ער וואָלט געווען איינער אַליין אויפן יאַריד, צעלאָזט ער זיך, דאַכט זיך פאַר זיך, אָבער ער מאַכט עס אויפן קול, און ער צע־זינגט זיך מיט אַ גמרא־ניגון:

„אַי, כינור, אַ פידעלע; היה תלוי, האָט געהאנגען; מלמעלה למטתו של דוד, איבער דוד המלך׳ס בעט; וכיון שהגיע לחצות הלילה, און אַז עס איז געקומען האַלבע נאַכט״, כאַפּט שוין אונטער אַ צווייטער, „צוועלף אַזייגער, האַלבע נאַכט״. אָבער דער קעלנער זעט אַז עס איז שוין נאָך האַלבע נאַכט, און אַז ער וועט היינט ניט פאַרטיק ווערן, פאַלט ער זיי ביידן אַריין אין גענזאַנג:

— הכלל, איר ווילט עסן אָדער שלאָפן? שלאָפן גייט אַהיים! — בקיצור, פּטור געוואָרן פון דעם קעלנער, נעמט אַ ייד און קלייבט זיך אַליין אויס אַ בענקל, און מאַכט עס פאַרן אויבאָן, כאָטש קיינער האָט אים ניט געבעטן, איז שוין דאָ אַ טאָסטמייסטער אויך, הויבן זיך אָן טראָגן קולות. הויבט איינער אָן צו זינגען.

— אַ ליבע צו שפּילן איז אוודאי כדאי — כאַפּט אונטער אַ צווייטער — איז אוודאי כדאי — ענטפערט אַ דריטער — נאָר ווען זשע איז דאָס גערעדט געוואָרן, מיט איינער ניט מיט דריי.

פונקט אַנטקעגן זיצט אַ ייִנגל מיט אַ מיידל, און זיי האַלטן זיך פאַר די הענט, אַזוי ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט זיך פאַרבייטן מיט עמיצן, און דאָס ייִנגל קוקט דער מיידל גלייך אין די אויגן אַריין, און זינגט איר:

„אוי האָב איך דיך ליב, ווי פּסח׳דיקן ראָסל!"

שרייט אויס אַן אַנדערער — מוחל, מוחל, איר וועט עס איר זאָגן אין דער היים, ניט דאָ, זינגט בעסער „מאַר־גאַריטקעלעך"!

זינגט אַ ליטוואַקל: „אין אַ סיינער זומער נאַכט, די לע־וואָנעצקע האָט זיך אַזוי סיין געסיינט! אַ סוואוע האָסטו מיר דוסענקע געסוואוירן, אַז דו וועסט מיינע אימער און אייביק און טאָמיד און סטענדיק זיין!"

בקיצור, וויפיל מענטשן, אַזוי פיל חכמים, אַזוי פיל חילוקי דעה׳ס אין די מאכלים. עסט איינער הערינג, שפּילט זיך דער אַנדערער מיט זיין גאָפּל־מעסער, און אַז איינער האָט באַשטעלט לאַטקעס, האָט מען אים דערלאַנגט גע־קאָכטע פלוימען; האָט איינער געבעטן צוקער צו דער מילך, האָט מען אים דערלאַנגט אַ לימענע, און עס איז אַ רעש, אַ טומל, מען פּילדערט, און מען זינגט. איך זאָג אייך, עס איז אַן אמת׳ער יידישער באַנקעטעלע, אַ מחיה, אַ שטיק געזונט קען אייך צוקומען.

און דער טאָסטמייסטער, וואָס האָט זיך אַליין געמאַכט אַן אויבנאָן, און זיך אַליין אויסגעקליבן, נעמט אַליין אַ וואָרט, און וויל אַלעמען איבערשרייען, און הויבט זיך אָן צו בייזערן — אינדיאַנער! פערד! שעמט זיך כאָטש פאַרן גאַסט, לאָזט זאָגן אַ פּאָר ווערטער!

מיינט איר דאָך, אַז מ׳וועט זיך באַליידיקן, אָדער עס וועט קומען צו פעטש, האַ? האָט איר ניט געטראָפן. עס ווערט שטיל אויף אַ רגע, נאָר אַזוי גיך ווי דער טאָסט־מייסטער האָט פּרובירט נאָכאַמאָל עפּענען דאָס מויל, און ער האָט אַרויסגעזאָגט דעם סקאַרבאָוון: „חברים און חבר־טעס", און בדעה געהאַט ערשט צעלאָזן דאָס מיילכעל און מאַכן אויף אַלעמען אַן אַטאַקע מיט זיינע לעפצן, כאַפּט

זיך אַרויס איינער מיט אַ קוויטשיק קול׳עכל, און גיט אַ געשריי:

„מען האָט דאָך דיר געזאָגט, און געזאָגט, און געזאָגט —״

כאַפּן אַלע אונטער: „אַז נודיען טאָר מען ניט, און וואַסער שטויסט מען ניט, און קיין טשייניק האַקט מען ניט!!!״

בלייבט דער טאָסטמייסטער ווי אָפּגעגאָסן מיט קאַלטע וואַסער, און דער עולם לאַכט און האַלט זיך ביי די זייטן.

אַריבער דער שפּאַס, אַפּעלירט דער פּאָרזיצער נאָכ־אַמאָל צום עולם, אַז מ׳זאָל זיך האַלטן ערנסט, און ער גיט שוין אַן אַנדערן דאָס וואָרט. וויל דער אַנדערער ווייזן, אַז ער איז אויך ניט אַבי ווער, פאַרגעסט ער זיך אַז עס איז שוין צוויי אַזייגער, און ער שטעלט זיך אַוועק מיטן אָנשטעל, ווי עס וואָלט ערשט טאָג געוואָרן, און ווי ער גייט האַלטן אַ רעפעראַט, כאָטש אויף אַ שעה צוויי. עפנט ער נאָר דאָס מויל, און זאָגט ווידער דעם פּסוק „חברים און חבר׳טעס״ — שפּרינגט איינער אַריין אין דער מיט און מיט אַן אָנשטעל:

„לאָזט אים רעדן, פאַרוואָס לאָזט איר אים ניט רעדן?״

וואָס קלערט איר, ער וועט שוין רעדן?

דערנאָך הויבט מען אָן קאָנקורירן: איינער וויל ווייזן אַז ער קען מגידות, אַ צווייטער לידלעך, אַ דריטער דרשות, אַ פערטער הויבט גאָר אָן צו קרייען: „י—ב—ר—כ—ך, כו כו!!״

דערנאָך איז שוין דער קעלנער אויס קעלנער, דער רעסטאָראַטאָר זיצט שוין אויךביים טיש; און טאָמער האָט דער גאַסט אַ ניי לידל, אָדער אַ וויץ, זיצט מען שוין ביי אים אויפן קאָפּ, אין די זייטן, און אַזוי הוליעט מען אָפּ אַ נאַכט, אַז עס איז, איך זאָג אייך, אַ כפּרה געבראָטענע קאַטשקעס, מיט לעבעדיקע אויסטערס; אַ כפּרה די גאַנצע וועלט פאַר אַזאַ באַנקעטל!

גוים מאַכן באַנקעטן — — — אָבער מיר, יידן — ב אַ נ ק ע ט ע ל ע ך.

# בלוטיקע שונאים

(כמעט אַן אמת׳ע מעשה, פון אונדזער צייט)

— דו ביסט אַ שאָוועניסט, אַ פּאַסקודניאַק, אַ פינצטערלינג, אַ פאַשיסט, ניט ווערט וואָס די ערד טראָגט דיך אויף זיך. גיי שוין אַוועק פון מיינע אויגן, ווייל וואָס־ס׳עט מיר קומען צו די הענט וועל איך דיר וואַרפן אין קאָפּ אַריין!!!!״

מיט די דאָזיקע קאָמפּלימענטן אַדרעסירט יאַנקל זיין אייגענעם ברודער, איציקן, אַ יונגערמאַן אַ ציוניסט, מיט וועמען ער האָט עס פאַרפירט אַ דעבאַטע וועגן דער צוקונפט פון דעם יידישן פאָלק אין פּאַלעסטינע.

אָנגעהויבן האָט זיך די מלחמה אויף מאָרגן נאָכדעם ווי די אַראַבער מיט די יידן אין פּאַלעסטינע האָבן זיך ניט געקענט צעטיילן מיט ארץ ישראל, און האָבן זיך דאָרטן צעשלאָגן.

איציקל איז פון אַלע יאָרן געווען אַ ציוניסט. ער האָט צען יאָר נאָכאַנאַנד געבויט ארץ ישראל, פאַרקויפט שקלים, און געריסן פון טויט און פון לעבעדיק אַ שקל — אויף אַלע חתונות, ברית׳ן, פּאַרטיס, בר־מצוה׳ס — און וואו נאָר ער איז געשטאַנען און וואו ער האָט געטראָפן אַ באַקאַנטען האָט ער אים פאַרקויפט אַ שקל, און אַ דונאַם לאַנד, און אַ בוים אין יער הערצל, און אַ בלעטל אין דעם גאָלדענעם בוך; און אַלעמאָל, ווען מען האָט זיך נאָר מיט אים צערעדט, האָט איציקל גע׳טנה׳ט: זעט ווי מיר וואַקסן, מיר פּראָגרעסירן, מיר בויען ארץ ישראל, און מיר ווערן אַ פאָלק מיט אַלע פעלקער גלייך . . . ביי איציקן איז ארץ ישראל געווען בילכער פון דעם טאַטן מיט דער מאַמען, די ברידער מיט די שוועסטער; און הכלל, זיין ציון,

זיין ארץ ישראל, זיין פּאַלעסטינע; און פון וואָס איר האָט ניט גערעדט, איז איציקל באַלד אַריינגעשפּרונגען אין די רייד מיט פּאַלעסטינע. טאָמער עפּעס אַ מכה, אַ צרה, אַ „בוטלעגער״, אַ פּייער־מאַכער, האָט איציקל גע׳טענה׳ט: וואָס דען? אין אַמעריקע ווילט איר פּיינע יידן? אָט, אין ארץ ישראל זעט איר, אין אַרץ ישראל איז ניטאָ קיין גענגסטערס, אין פּאַלעסטינע האָט איר ניט קיין „בוט־לעגערס״, אין ירושלים איז ניטאָ קיין פּייערמאַכערס, דאָרטן האַנדלט מען ניט מיט קיין גע׳גנב׳עטע סחורה!

האָט אָבער איציקל אַ ברודער יאַנקל — אַ יונגערמאַן, אַ צאַצקע. יאַנקל איז אויך אַ געטרייער, איבערגעגעבענער יידישער פּאַטריאָט, אַ גראַדואירטער פון אַ לערער־סעמינאַר, און יאַנקל איז אויך מוכן ומזומן צו ראַטעווען דאָס יידישע פאָלק און עס באַזעצן אין ארץ ישראל; נאָר וואָס זשע דען? יאַנקל איז ניט איציק. שמועסט מיט יאַנקלען, איז איציק, דער ציוניסט, אַ רעאַקציאָנער, אַ פינצטערלינג, אַ פאַשיסט, אַ שאָוויניסט, וואָס וויל פאַרשלעפּן קיין ארץ ישראל דעם פינסטערן קאַפּיטאַליזם מיט דעם „סוועט שאַפּ״, כדי מען זאָל דאָרטן עקספּלואַטירן דעם יידישן אַרבעטער, אינאיי־נעם מיט די אַראַבער. וויל טאַקע יאַנקל ניט אַנדערש, נאָר אַז פאַלעסטינע זאָל געהערן צום אַרבעטער־קלאַס. און יאַנקל טענה׳ט: וואָס? מיר וועלן אייך, פינסטערע ציו־ניסטן, רעאַקציאָנערן, איבערגעבן פאַלעסטינע, אַז איר זאָלט איינבירגערן דעם קאַפּיטאַליזם, מיט דער רעאַקציע, מיט דעם „סוועט שאַפּ״, מיט די „לייבאָר פייקערס״? אָ, ניין, גוטער ברודער! מיר וועלן מיט אייך קעמפן פונקט ווי מען דאַרף קעמפן מיט די פינסטערע בורזשויקעס אין אַלע לענדער. איר זענט אויסבייטער, עקספּלואַטאַטאָרס, פאַסקודנע קאָלאָניסטן, איר באַראַבעוועט דאָס יידישע פאָלק!״

און אַז איציק מיט יאַנקלען זעצן זיך אַוועק צום טיש עסן, וואָרפן זיך ביידע ברידער איבער מיט בליקן ווי ביי גזלנים, איינער דעם צווייטן שטעכט דורך מיט די אויגן

פון וועלכע עס שיסן פונקען פייער; פריער אויף שטום־לשון, דערנאָך הויבן אָן קומען ווערטער.

איציק צו יאַנקלען:

— פאַנאַטיקער! צעדרייטער סאָציאַליסט, נאַרישער לאָקש!

יאַנקל צוריק צו איציקן:

— פאַשיסט, שאָוויניסט, מוסאָליני!

זיצן שוין ביים טיש צוויי ברידער, וואָס זיינען זיך בלוט־טיקע שונאים און קענען זיך ניט צעטיילן מיט דער ירושה פון דעם פאָלק ישראל, און איינער וויל איינשלינגען דעם צווייטן, לעבעדיקערהייט.

טאָמער איז אייך דאָס ווינציק, איז דאָ אַ דריטער ברו־דער, אייבעלע. און ער דערגייט זיי בײדן די יאָרן. איי־בעלע מאַכט גאָר אויסצודרייען איציקן מיט זיין ציוניזם, מיט די שקלים, מיט די בוימער אין יער הערצל, מיט די דונאָמס לאַנד, מיטן גאַנצן קלאָפּערגעצייג.

אייבעלע לאַכט שוין אפילו פון יאַנקלען מיט זיין פּאַ־רעווען סאָציאַליזם, און אים געפעלט אפילו ניט די פּאָ־ליטיק וואָס די רעכטע פועלי ציון פירן מיט מעקדאָנאַלדן, מיט דער „פאַררעטערישער, ענגלישער רעגירונג".

אייבעלע, פאַרשטייט איר מיך, איז אַ לינקער פועל ציון, וויל אייבעלע ניט אַנדערש, נאָר מען זאָל אַרויסנעמען די קאָלאָניעס מיט דעם לאַנד פון דעם נאַציאָנאַל פאָנד, און אפילו פון דער הסתדרות, ביי די רעכטע פועלי ציון. און ניט אַנדערש, נאָר מען זאָל לאָזן די לינקע פועלי ציון איינפירן אַ נייעם „סטראָי", אַ נייעם רעזשים.

אייבעלע צו איציקן: ווער? איר, פאַסקודנע ציוניסטן, איר וועט פירן דאָס אידישע פאָלק? וואוהין וועט איר זיי פירן, אויף דער מוטער רחל'ס קבר? צום באַרג סיני? צו די ציגן מיטן באָקסער? אָדער אפשר צוריק אין דער מדבר אַריין, האַ? אַ שיין פנים וועט האָבן ארץ ישראל, אַז מען וועט אייך ציוניסטן לאָזן פירן די גרענדע . . .

אייבעלע צו יאַנקלען: אָדער אפשר אייך — האַ? אייך,

רעכטע פועלי ציון, גיבן די לייצעס; אייך, פּאָליטישנס, מעקדאָנאַלדס פאַרברענטע חסידים, האַ? אייך זיך לאָזן חנפ׳ענען צו „דזשאָן בול״, צו דער ענגלישער רעגירונג, זי זאָל מאַכן פון ארץ ישראל דאָס וואָס זי מאַכט פון אינ־דיע? הע? — און אייבעלע פאַרענדיקט:

— וואַרט אויס, וואַרט! מיר וועלן נאָך מיט אייך קעמפן, מיר וועלן אייך געבן פּולווער צו שמעקן, און אייך ווייזן ווי צו פירן פּאַסקודנע פּאָליטיק!

שפּרינגט איציק אַריין אין די רייד: וועלן מיר אייך שמייסן מיט אייזערנע ריטער! מיר וועלן אייך צעשיסן ווי די הינט! וואָס מיינט איר, ארץ ישראל איז אייך סאָ־וועט רוסלאַנד, איר וועט קומען און צעבונטעווען די אַראַ־בער און זיי אויפרייצן אויף די אידישע קאָלאָניסטן, הע?!

דערנאָך פעלט שוין ניט קיין בוימל אויפן פייער. די אויגן ביי אַלע דריי ברידער ווערן פאַרלאָפן מיט כעס, מיט רציחה, פיענע שוימט אַרום די מיילער, און עס הויבן אָן פליען פרישע קאָמפּלימענטן.

אייבעלע צו איציקן: „מוסאָליני!״ און צו יאַנקלען: „אימ־פּעריאַליסט, רעאַקציאָנער!״ און צוריק — שאָוויניסט, און נאָכאַמאָל — סאָציאַליסט, און דערנאָך כאַפּט איציק אַ בענקל, קערט יאַנקל אויף אים איבער אַ טיש, און אייב דערלאַנגט פּעטש, איציקן מיט יאַנקלען, און קולות טראָגן זיך אין דער לופטן, אַז עס שפּאַלט זיך די סטעליע!

אינמיטן פון דער סצענע פאַלט אַריין דער פערטער ברודער — יאָסל. איצטער איז שוין די שמחה פאַרפול. יאָסל וויל שוין גאָר אינגאַנצן ניט קיין יידיש פּאָלק: „ווער פּאָלק? וואָס פּאָלק?״ טענה׳ט יאָסל, „סע ניטאָ קיין פּאָלק, מע דאַרף ניט קיין פּאָלק. עס איז דאָ נאָר אַ מענטש־הייט, ווי אין סאָוויעט רוסלאַנד . . . מען דאַרף ראַטעווען די מענטשהייט פון די פעלקער, פון די ראַסן; מען דאַרף איבערגעבן ארץ ישראל צו די מאַסן — צו די אַראַבער — עס איז ניט די יידנס לאַנד — שרייט יאָסל — די אַראַבער זיינען בילכער. די יידן באַראַבעווען די אָרימע אַראַבער

און עס איז אויף די אַראַבער אַ גאַנץ רחמנות. פּיאַווקעס יידישע, האָבן זיך אָנגעזעצט אויף די אָרימע אַראַבער און זויגן זייער בלוט . . .״ אַזוי שרייט יאָסל.

הויבט אָן איציק: „און ווער מאַכט פּאָגראָמען אויף יידן אין ארץ ישראל?״

— עס איז ניט קיין פּאָגראָמען, עס איז אַ רעוואָלוציע . . . די אַראַבער האָבן ענדלעך דערוואַכט און זיי מאַכן אַ רעוואָלוציע. לאַנג לעבן זאָלן די אַראַבער — די רעוואָלוציאָנערן! זאָלן זיי אויסדישען אַלע יידישע רעאַקציאָנערן, די בלוט־זויגערס, די שוואַרצע מאה׳ניקעס, מיט דער ענגלישער רעגירונג אינאיינעם! איר וועט זען, מיר וועלן איינפירן אַ סאָוועטן־רעגירונג אין פּאַלעסטינע, איר וועט זען!״ שרייט יאָסל, און איז זיכער מיטן זיג.

— מיר וועלן אייך הענגען אויף די טעלעגראַף סלופּעס, מיר וועלן אייך צושטעלן צו דער וואַנט און אייך אויסשיסן אָן אַ משפּט!״ דונערט איציק צו יאָסלען, און לייגט אים צו פּאַר אַ צוגאָב: „וואָס זשע, דו ביסט אויך אַ ייד, דו ביסט אויך אַ מענטש? דו ביסט דאָך אַ „יעווסעק״, אַ פּאַסקודנער יעווסעק! אַ פּאָגראָמשטשיק, אַן אַראַבער — אָט וואָס דו ביסט!״

יאָסל כעס׳ט: „מיר וועלן אייך געבן ציוניזם, וועלן מיר אייך געבן! אַ דיקטאַטור, ניט קיין ציוניזם, וועט איר האָבן. אַ פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור! אַ סאָוועטן רעגירונג — מיט אַ האַמער און סערפּ, מיט אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע!״

„ווער בעט אייך? ווער שיקט נאָך אייך?״ שרייט אייבעלע צו יאָסלען. איר, יעווסעקן, האָט ניט וואָס צו טאָן אין ארץ ישראל, גייט אייך קיין בירא בידזשאַן! גייט אייך צו די פליגן מיט די זשוקעס!״

יאָסל צו אייבן: „נו, און איר, לינקע פּועלי ציון, וואָס האָט איר אין ארץ ישראל? טיפוס מיט מאַלאַריע, מיט אַראַבער אויף צו פּאָגראָמעווען?

דערנאָך פאַלן שוין אָן איינע אויף די אַנדערע — מען רייסט זיך פאַר די נעזער, פאַר די האָר פון קאָפּ — עס

איז אַ שלאַכטפעלד, אַ ביטערע מלחמה. מען איז זיך שונאים, בלוטיקע שונאים, און מען וויל רעטעווען דאָס יידישע פאָלק.

דאָס גאַנצע יידישע פאָלק! דערווייל איז אַ קאַמף אויף לעבן און טויט, צווישן פיר ברידער.

אַזוי ווי איך זאָג אייך: בלוטיקע שונאים.

# מיידלעך

(צרות פון דערוואקסענע קינדער)

וואָס איז ביי אייך — אויך מיידלעך? גאָט צו דאַנקען, אַז איר האָט מיידלעך, וועט איר מיר כאָטש צו גלויבן קומען.

וואָס זשע לאַכט איר, איר מיינט איך וויס ניט וואָס איך רעד? נישקשה, ביי זיך אין האַרצן ווייסט איר דאָך אַז איך בין גערעכט . . . איר הערט, בעסער פיר ייִנגלעך, איידער איין מיידל . . . מיידלעך אין אַ שטוב איז אַן אָנ־שיקעניש, אָפּגעהיט זאָל מען ווערן צו זיין אַ טאַטע פון מיידלעך. דאָס געזונט נעמען זיי ביי אייך צו, איר קענט ניט שלאָפן דורך די נעכט, טאָג ווי נאַכט דאַרפט איר זיך זאָרגן פאַר די מיידלעך, און מיינט איר וואָס? אייער קאָפּ אַרויפזעצן אויף זיי, קענט איר סיי ווי סיי ניט, נאָר גאָרניט, איר ווייסט דאָך, אַ טאַטע זאָרגט זיך!

מילא, ווייסט איר דאָך, קיין גוטע קינדער זיינען שוין היינט ניטאָ אויף דער וועלט — גוט איז עס ווען עס שלאָפט, קוים עפנט עס די אויגן — שוין, דרייט עס שוין אַ קאָפּ!

עס איז אפילו אמת, פון ייִנגלעך האָט מען אויך גענוג צרות. אַ ייִנגל קריכט אין אַלע פייערן אַריין, ניט אויס־צוהיטן, אמת . . . אָבער פונדעסטוועגן אַ ייִנגל — דו ווילסט ניט פאָלגן אַ טאַטן מיט אַ מאַמען, מען האָט דיר געזאָגט איינמאָל, צוויי מאָל — מיט דעם גיי ניט, דאָס טו ניט — דו ווילסט ניט פאָלגן, גיי דיר געזונטערהייט, זוך זיך אַ בעסערע היים, און אַראָפּ פון מאַרק!

איר קענט ניט צוזען די שטיק פון אַ ייִנגל, זאָל ער גיין! נישקשה, אין דער פרעמד וועט ער שוין ווערן אַ לייט . . . די וועלט וועט אים אויסלערנען. יאָ, פאַר אַ

פרעמדן וועט זיך אַ ייִנגל שעמען מער ווי פֿאַר דעם איי־גענעם טאַטן מיט דער מאַמען — יאָ, יאָ . . . און טאָמער וועט ער ניט ווערן קיין לייט פֿאַר דער חתונה, וועט ער עלטער ווערן, ער וועט חתונה האָבן, וועט אים שוין די ווייב לערנען שכל. איז פֿאַרשטייט איר דאָך, דאָס איז אַלץ גערעדט, אַז מ׳האָט ייִנגלעך, מאַנסבלען . . . אָבער וואָס טוט מען אַז מ׳איז אַ טאַטע פֿון מיידלעך? זעט איר, דאָס איז שוין אַ מיאוסקייט! . . .

איר קוקט מיך אָן, האַ. נאָך קיין פֿערציק יאָר ניט אַלט, נו, פֿרעג איך אייך — דאַרף איך שוין זיין גרוי? זאָגט אַליין. וואָס פֿעלט מיר? פּרנסה האָב איך, געזונט בין איך ברוך השם, אלא וואָס זשע דען? די מיידלעך!!!! צוויי שטיקלעך קינדער, זיי זאָלן געזונט זיין, פֿאַרמאָג איך, מיידלעך — צוויי מיידלעך — און דווקא שיינע, לייטישע, און דווקא געראָטענע; ווי זאָגט מען, צו גאָט און צו לייט. יאָ, און טאַקע קלוג ווי די וועלט, און אינטעליגענטע קינדער ביז גאָר, און האָבן געענדיקט אַ „היי־סקול". נאָר וואָס זשע דען? שוין אַביסל צו קלוג, צו שיין, צו לייטיש, און צו אינטעליגענט — און ווי זאָגט די וועלט אַ ווערטל: וואָס צו, איז איבעריק

דאַכט זיך אַלע זייערע חבר׳טעס, באַקענען זיך מיט אַ בחור, גייען אויס אַ שטיקל צייט, פֿאַרליבן זיך, האָבן חתונה — און מזל טוב — אַראָפּ פֿון מאַרק! געצעטלט! און ביי מיר, מיינע מיידלעך, אַ צרה, אַן אומגליק — אַז מען שמועסט, צו קלוג טויג ניט! ווען איך וואָלט זיי שוין גע־קענט חתונה מאַכן, וואָלט איך אויפֿגעהויבן ביידע הענט צום הימל. גיי־זשע, גיי שמועס מיט זיי, ווילן זיי ניט הערן און געדענקען; און זיי זענען נאָך גערעכט!

און ביידע מיידלעך, אַז איך מאַך אַמאָל אַ רייד וועגן אַ תכלית, וועגן צעטלען זיך, וועגן חתונה האָבן, שטעלט מען אויס אויף מיר אַ פּאָר אויגן, מען לאַכט מיר אַריין אין פּנים אַריין, און אַלץ וואָס איך הער נאָר, איז — פּאַפּאַ, ניט דיין עסק, פּאַפּאַ, מיש זיך ניט אין אונדזערע

געשעפטן, דו דאַרפסט אונדז ניט פאַרזאָרגן. ביסט ניט מחויב אונדז צו פאַרשלייערן, מיר וועלן זיך שוין אַליין פאַרזאָרגן . . .״ איר הערט אַ לשון פון קינדער אין אַמע־ריקע צו אַ טאַטן, האַ?

מילא, האָב איך פּרובירט פריער שיקן צו זיי שדכנים, האָט מען די שדכנים אויסגעלאַכט, און זיי משלח געווען פון הויז. זיי געמאַכט אויסצודרייען, אַז איך האָב זיך געשעמט די שדכנים צו קוקן אין פּנים אַריין.

— שדכנים — טענה׳ן די מיידלעך — זאָלן זיך אפילו אויף דער שוועל ניט ווייזן. שדכנים פירן צונויף צוויי וועגט מיט אַ בוידעם און מאַכן אַ חנוכת־הבית — איר הערט אַ לשון! שדכנים, זאָגן זיי, באַגראָבן לעבעדיקער־הייט אין דער ערד . . . וואָס־זשע דען — אַליין! איר הערט? אַליין די שדכנים, אַליין די מחותנים, איין קול — אַליין, און אַליין!

איז הערט זשע: די עלטערע מיינע, אסתר׳ל, אַזוי איז זי דאַכט זיך אַ זיידן קינד — שיין און קלוג, און לייטיש — אַ דימענטענער מענטש. האָט זיך מיר אונטערגערוקט אַ יונגערמאַן, אַ לאָיער, מיט אַ גוטע פּראַקטיקע, און איך קען זיין טאַטן — אַ ייד אַ גביר, און פון אַ פיינער משפחה — איך זאָג אייך, אַ גליק, איינס אין דער וועלט, אַז מען דאַרף גאָרניט בעסער. נו, בין איך דאָך אַ טאַטע, וועל־כער טאַטע וויל ניט האָבן קיין נחת אין זיינע קינדער? האָב איך איר טאַקע געזאָגט: אסתר׳ל, דער יונגערמאַן, דער לאָיער, געפעלט מיר, און די משפחה געפעלט מיר — טו פאָלג מיך, אסתר׳ל, פאָלג אַ טאַטן, און זאָל זיין אין אַ מזל׳דיקער שעה . . .

האָט זי מיך אפילו ניט געלאָזן ענדיקן די רייד. איר האָט געדאַרפט הערן דיבורים! איך זאָג אייך, איך האָב געמיינט אַ בעל דרשן שטייט און דרשנ׳ט איבער מיר:

— טאַטע, איך בעט דיך, טאַטע, ניט דיין עסק. זאָלסט ניט רעדן מער קיין וואָרט. איך בין דיר מוחל דעם לאָיער, מיט דער פּראַקטיקע, מיט זיין משפחה, מיט אַלע גליקן;

דו הערסט, טאַטע, און מער זאָלסטו אַ וואָרט ניט דער־מאָנען פון אים! אַליין, דו הערסט, אַליין וועל איך זען וואָס איך האָב צו טאָן, און דו זאָלסט מיך ניט באַגראָבן, ניט פאַרשלייערן, ניט פאַרזאָרגן — און אַן עק!

איז טאַקע יענער באַלד אַ חתן געוואָרן און חתונה גע־האָט. אמת, אין צוויי וואָכן אַרום האָט ער זיך גלייך צע׳גט מיט דער ווייב, אָבער דערווייל קען איך די מעשה עד היום ניט פאַרגעסן.

נאָר פאַרפאַלן! ס׳איז דאָך מיידלעך. איר ווייסט דאָך, מיט שלעכטן וועט דאָך אודאי ניט העלפן.

האָט גאָט געהאָלפן, איך האָב באַמערקט מיין אסתר דרייט זיך אַרום מיט אַ בחור. ווייס איך — מ׳גייט צוזאַמען אין טעאַטער, אויף קאָנצערטן, מ׳גייט אַ וואָך, אַ חודש, צוויי, דריי חדשים, אַ האַלב יאָר.

וויל איך דאָך וויסן וואו האַלט עס אין דער וועלט? זיצן מיר אַמאָל אַ פרייטיק צונאַכטס ביים טיש, גיב איך איר אַ פרעג:

— אסתר, נו?

— וואָס, נו? — מאַכט זי זיך תמ׳עוואַטע, גלייך ווי זי ווייסט גאָר ניט וואָס איך פרעג . . .

זאָג איך איר שוין — דערצייל אונדז עפּעס וועגן דיין בחור: ווער איז ער? . . . וואָס איז ער? — שמייכלט זי און ענטפערט:

— אַ סאָציאַליסט איז ער!

— אַ גליק האָט מיך געטראָפן — ענטפער איך איר, און לייג נאָך צו — אַ סאָציאַליסט, שמאָציאַליסט, לאָמיר הערן וויפיל פאַרדינט ער, פון וואָס מאַכט ער אַ לעבן? נעמט זי און צעשרייט זיך אויף מיר ווי אויף אַ טאַטן, שפרינגט אויף פון טיש, און ווערט ברוגז, און ענטפערט: — וואָס איז דיין עסק ביי וואָס ער אַרבעט, און וויפיל ער פאַרדינט? — און איז אַנטלאָפן פון טיש אַן אָנגעצונ־דענע ווי אַ שטיק פייער.

מילא, וואָס קען איך מיר העלפן? זאָל זיין אַזוי. מוז איך אויסשטיין דעם רוגז!

אַ שטיקל צייט שפּעטער, גייט די אינגערע מיינע, רבקה־לע, און דערטאַפּט אויך ערגעץ א בחור, א חתן, א מציאה. איר הערט, זאָגט אייך וואָס איר ווילט, דאַכט זיך קלוגע מיידלעך, נאָר אַז עס קומט צו עפּעס, ווי זאָגט ער — קלוג און קלוג — און מען באַנאַרישט זיך.

מילא, דער סאָציאַליסט, איז אויך עפּעס אַ צעדרייטער בחור. טראָגט שטענדיק אַ ברוינע העמדל, מיט אַ ווייכן קאָלנער, און אַ קעשענע פול מיט „הענדבילס״, מיט ציר־קולאַרן, מיט אַ פּעקל ביכער, און מער הערט איר פון אים ניט ווי — אַרבעטער קלאַס, און קאַרל מאַרקס, מיט קאַפּיטאַל, מיט „וואוטס״, מיט „אָפּן־עיר מיטינגען״, מיט לעקציעס, און דיסקוסיעס, דעבאַטן, מיט — איך זאָג אייך — עפּעס אַ לשון, איר מיינט איך קען אייך איבערגעבן די אַלע מעשיות, וואָס עס קריכט אים אין קאָפּ, און מיט וואָס ער דרייט עס אסתר׳ן אַ ספּאַדיק טאָג און נאַכט? מוחל! נאָר דער צווייטער, רבקלה׳ס חתן, איר הערט? אויף אים אַ קוק צו טאָן, זאָג איך אייך, איז אַ געלעכטער, אַ חוזק! איז אַזוי: קיין היטל טראָגט ער אינגאַנצן ניט, קיין קאָל־נער אויך ניט, און שיך, עפּעס מאָדנע לאַפּצעס, אַז מ׳קען חלש׳ן . . . קיין פלייש עסט ער ניט, נאָר גראָז און פּרוכט. און רויכערן, רויכערט ער ניט, און זען, זעט ער אויס ווי ער וואָלט איינגעשלונגען אַ שטעקן און קען זיך ניט אָנבויגן — דין איז ער, און אַ פּנים, הויט און ביינער, און רעדן רעדט ער מיט אַ פּישטשעדיקע שטימע, ווי אַ יונג הענדעלע, אַז עס הייבט אָן צו קרייען — און פאַרקאָכט איז רבקה אין אים, פאַרגלויבט ווי אין אַ גאָט! מילא, זאָל שוין זיין אַזוי, וואָס קען איך העלפן?

הערט זשע, וואָס זשע טוט גאָט? גייט ניט מיין אסתר און נעמט ניט אין אַ שיינעם אויף דער נאַכט און פאַר־

ליבט זיך ניט אין רבקה׳לעס חתן? אָבער אַזוי פאַרליבט, ווי זאָגט ער, ביז איבער די אויערן! און אסתר גיט איר בחור דעם וועג. ער ווייזט זיך שוין מער ניט. און רבקה זיצט און די כחות גייען איר אויס — זי זעט צו מיט די אייגענע אויגן, אַז איר חתן איז שוין ניט דער וואָס נעכטן, עס איז ניט איר חתן מער. רעדן רעדט ער צו אסתר׳ן, אַרויסגיין גייט ער נאָר מיט אסתר׳ן, און קומען צוריק קומט ער שפּעט ביינאַכט מיט אסתר׳ן. הכלל, רבקה האָט עס ניט אויסגעהאַלטן און איז אַרויס מיט לשון: „וואָס פאַר אַ שוועסטער ביסטו מיר? אַ שיינע שוועסטער . . . דאָס איז מיין גליק געווען און דו רויבסט מיר מיין גליק, דו צעברעכסט מיר מיין לעבן. איך האָב אים ליב, זייער ליב...״

טענה׳ט אָבער אסתר, אַז זי האָט אים נאָך מער ליב, און ער — זי אויך; אַז זי וויל, קען זי ביי אים פרעגן . . . וועט זי זיך איבערצייגן . . .

— אָט וועל איך גיין אים פאַלן צו די פיס, און זיך בעטן ביי אים — ענטפערט רבקה — ניט דערלעבן וועלן עס מיינע שונאים! — און אַז רבקה זאָגט „שונאים״, ווייס איך שוין וועמען זי מיינט . . .

וואָס קלערט איר, עס איז מיר גוט, האַ? עס איז אַ נחת צו האָבן ביי זיך אין הויז אַזעלכע צוויי מיידלעך און צוזען אַזעלכע דרכים? . . .

דעם סוף ווילט איר וויסן. הע, ווען עס זאָל שוין האָלטן ביי אַ סוף . . . איז אַן עק, אַראָפּ פון מאַרק! ווייס איך וואָס . . . ווער קען זען אַ סוף? . . . ווארום אַז נעכטן האָט דער בחור געקענט ליב האָבן רבקה׳ן און היינט — פּלוצ־לינג, איבער נאַכט — איז ער שוין פאַרכאַפּט געוואָרן פון אסתר׳ן, פון וואַנעט־זשע בין איך באַוואָרנט אַז מאָרגן וועט ער דערזען אַ פרישע מיידל, אַן אַנדערע, וועט ער אסתר׳ן אויך ניט וואַרפן, און וועט אינגאַנצן ניט ווערן?

נאָר שמועסט מיט זיי, זענען זיי גערעכט און דער טאַטע מיט דער מאַמע פאַרשטייען גאָרניט.

אַי מיידלעך, מיידלעך, אַז ניט געדאַכט זאָלן זיי ווערן — גרוי און אַלט האָבן זיי מיך געמאַכט . . . הערט איר, הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן, קיין נחת מיט קיין תענוג וועל איך שוין פון די מיידלעך ניט האָבן . . .

# אין דער פינצטער

איר זענט שוין אַמאָל געגאַנגען אין דער פינצטער? אויב איר זענט אַמאָל געגאַנגען אין דער פינצטער און ניט געהאַט קיין מיאוס'ן אָפּשניט, וועט איר מיר אפשר ניט גלויבן, נאָר פונדעסטוועגן גיב איך אייך אַ וואָרנונג, ווי גאָט איז אייך ליב: איר קומט אַמאָל אַהיים שפּעט ביינאַכט, און אפילו אַז איר האָט מורא פאַר דער ווייב, זי זאָל אייך ניט מאַכן קיין שוואַרצן סוף, איז די ערשטע זאַך, גייט אַריין אין הויז, און מאַכט ליכטיק. נאָר ניט גיין אין דער פינצטער. און אַז איר וועט מיך ניט פאָלגן און וועלן זיין אַ חכם, וועט איר ערשט דערנאָך מיר צוגלויבן קומען.

„וויפיל מאָל אַ וואָך קען אַ מאַן אָפּנאַרן אַ ווייב? צוויי מאָל, דריי מאָל אַ וואָך, האַ? ווי זשע איז דער דין, אַז מיין ווייב קען איך שוין מער ניט אָפּנאַרן, האַ? אַז זי וויל מיר שוין אינגאַנצן ניט גלויבן? מיינט איר, האָב איך עפּעס צו איר, חלילה? זי איז נעבעך גערעכט, אַלץ הייסט גערעכט! נו, און אַז זי איז גערעכט, איז וואָס? ווערט מיר גרינגער אויפן האַרצן? גלויבט זי מיר טאַקע ניט. און שוין עטלעכע יאָר אַז מען איז פאַרהייראַט, און איך האָב נאָך אַלץ אַ טבע אָדער צו פאַרשפּעטיקן, אָדער ניט אַהיים צו קומען, אָדער אויב שוין יאָ קומען, איז זיך אַרויסכאַפּן נאָך וועטשערע, זאָגן אַז איך וועל באַלד זיין צוריק, און דער — באַלד זיין צוריק — קען זיך אַמאָל ענדיקן, אויב שוין אפילו גאָר פרי, איז צוויי־דריי אַזייגער ביינאַכט, און אַמאָל טאַקע אין דער פרי, מיטן טאָג צוגלייך".

אַזוי דערציילט מיר מיינער אַ חבר, אַ יידישער דיכטער, א וואוילער בחור ביז גאָר, א טייערער מענטש, א גוטער ברודער, וואָס גאָט האָט אים נעבעך געשטראָפט און ער איז, ניט פאַר אייך געדאַכט, פאַרהייראַט — און שטאַרק

פאַרהייראַט — און האָט אַ ווייב, אַ טייער ווייבל, טאַקע אַ שטיק גאָלד, נאָר איין חסרון נעבעך: אנשטאט מיט „ווײדזשעס״ האָדעוועט ער זי מיט לידער, מיט פּאָעזיע, און מיט מעשיות.

וואָלט ער כאָטש, דער פריינט מיינער, געהאַט אַ טבע צו קענען אָפּזיצן אַן אויפדערנאַכט מיט דער ווייבל אין דער היים; מילא, זאָל שוין זיין ניט קיין „ווײדזשעס״, זאָל כאָטש זיין לידער, פּאָעזיע, מעשיות! אָבער זאָל זיין עמי־צער אין הויז!

האָט נאָך מיין פריינט אַ טבע, ער איז אַ גוטער. ער איז ניט פויל אויף צוזאָגן, און אַלע טאָג, איידער ער דאַרף אַוועקגיין פון הויז, ווערט ער גוט, און גיט אַ זאָג צו דער ווייבל:

— שיינדעלע, היינט קום איך אַהיים פאַרפרי, און מיר׳ן פאַרברענגען אַן אָוונט; דו וועסט זען, שיינדעלע, מיר׳ן אַזוי גוט פאַרברענגען — איך וועל דיר לייענען אַ ניי געדיכט, וואָס איך האָב ערשט די טעג פאַרענדיקט, און אַ מעשה, גאָר אַ שיינע מעשה, וועל איך דיר לייענען — וואָס אַרט דיך, אַז איך זאָג, איך קום אַהיים פאַר פרי, מעגסטו מיר גלויבן!״

מילא, איינמאָל ניט געקומען פאַר פרי, געדאַרפט קומען זיבן און געקומען צוועלף; אַ צווייטן מאָל געדאַרפט קומען צו וועטשערע, און געקומען מיטן מילכמאַן; איז אפילו אַ טייער ווייבל אויך ניט קיין מלאך, און רעדט אויס, און גיט אַמאָל אַ קללה אויך, און אַמאָל גיט זי שוין אַ בורטשע שטילערהייט:

— געהאלטן וואָרט . . . הע. געקומען פארפרי, וואָס דען? ווער האָט עס פריער ניט געוואוסט? געהאַלטן וואָרט, יאָ״.

נו, די ערשטע צייט פאַרענטפערט מען זיך:

— גלויב מיר, שיינדעלע, דו ביסט גערעכט. אַזאַ יאָר אויף מיר ווי גערעכט דו ביסט. אָבער וואָס זשע זאָל איך טאָן, אַז מען קומט אַריין אין דער „ראָיאַל״, און אַ שריי־

בער כאַפּט זיך אַרום מיט דיר, און נעמט דיר מאַכן קאָמ־פּלימענטן, און דערנאָך פאַרפירט מען אַ שמועס, און אַמאָל גייט מען אַריין אין אַן אַנדער קאַפּיי, און דאָ איז אויפן האַרצן עפּעס ניט פריילעך, גייט מען אַריין צו מאָס־קאָוויטשן אין קעלער אַריין, און די גאַנצע צייט זיץ איך און טראַכט: „אַך, אַ רחמנות אויף מיין שיינדעלען, זיצט נעבעך און וואַרט אויף מיר; כ׳לעבן, ניט פיין פון מיין זייט" — און איך הויב זיך אויף צו לויפן אַהיים, און מיטאַמאָל טראָגט אָן דער גוטער יאָר דעם, יענעם, און מ׳שטעלט אַביסל ווייך, אָדער עמיצער זינגט אויף אַ לידל, און דער גוטער יאָר ווייסט עס, איידער מען קוקט זיך אַרום, שוין שפּעט! און איך גיב אַ טראַכט: וואָס וועל איך איצטער טאָן אין דער היים? מיין שיינדעלע שלאָפט דאָך, וואָס וועל איך זי גיין אויפוועקן? זאָל זי שוין שלאָפן!" . . .

אַ שטיק צייט האָב איך זי נאָך ווי עס איז געהאָדעוועט אויף תירוצים:

— וואו איז מען עס ערגעץ געווען אַזוי שפּעט?

— אויף אַ זיצונג פון שרייבער.

— און וואו איז מען עס געווען נעכטן?

— נעכטן? אויף אַ ליטעראַרישן פרייטיק, ביי דער קול־טור געזעלשאַפט?

— און אייערנעכטן?

— אייערנעכטן? ווייס איך, געזעסן אַביסל אין קאַפּיי, מיט שרייבער.

— אפשר וואָלסטו שוין אַמאָל מיט דער ווייב אויך גע־זעסן אַביסל, אין דער היים, צי דאָס איז ניט אַזוי וויכטיק ווי די קאַפּיי, האַ? — גיט שיינדעלע אַ זאָג, און איז ברוגז.

— שיינדעלע, מיין טייער שיינדעלע! וואָס רעדסטו — ניט וויכטיק? . . . טייערע מיינע, דו ביסט מיר וויכטיקער פון אַלע זיצונגען פון די שרייבער, מיט די מעשיות, מיט די קאַפּייען — באַרואיק איך איר, און זאָג איר צו: — זעסטו, טייערע, דערפאַר קום איך דיר היינט אַהיים, זעקס אַזייגער. דו הערסט, עס מעג דונערן און בליצן, אַזוי שנעל

ווי עס ווערט נאַכט, בין איך דאָ אין דער היים. נו, שאַ, זיי־זשע ניט בייז אויף מיר!

— פרי אַהיים — מורמלט שיינדעלע — גאַנץ פרי, האַ? ווען אַלע וועלן נאָך שלאָפן, גאַנץ פרי.

— שיינדעלע, מיין גאָלד, וואָס רעדסטו, דו גלויבסט מיר ניט? אַז איך זאָג, איך קום אַהיים — קום איך אַהיים. נו, זיי שוין רואיק. דו וועסט זען, אָט גיי איך און קום באַלד אַהיים, וועסט זען.

— גאַנץ פרי, אַזוי ווי נעכטן, אַזוי ווי אַלע מאָל. גיי שוין, גיי, איך קען דיך שוין. איך ווייס שוין דיינע גאַנץ פריען. זיי ליגן מיר שוין — אָט־אָ־דאָ־אָ — ווייזט שיינ־דעלע אויף איר האַלז.

— אַז איך זאָג דיר אַ וואָרט, איז אַ וואָרט — רעד זשע ניט קיין נאַרישקייטן, שיינדעלע.

און איך גיי אוועק אין שטאָט אריין, און מאַך אָפּ ביי זיך, אַז היינט, זאָל איך וויסן ווייסיך וואָס, גייט מען אַהיים זעקס אַזייגער, און אַן עק זאָל עס נעמען. מען דאַרף אַמאָל אַן אייגענער ווייב אויך ווייזן אַז מען האַלט וואָרט.

איז מיר אָבער באַשערט אַן אומגליק, מאַכט זיך אַזאַ זאַך: איך קום אין שטאָט אַריין און מען זאָגט מיר, אַז היינט ביינאַכט איז אַ באַנקעט ביי דעם שרייבער פעראיין — אין מיין פעראיין. און ניט זיין ביים באַנקעט, מיינט, זיך מאַכן אַלע שרייבער פאַר שונאים, און טאָמער איז אייך דאָס ניט גענוג, האָט מען מיך אַליין געמאַכט פאַרן „טאָסטמייסטער". און דאָ האָב איך שיינדעלען צוגע־זאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז איך וועל קומען אַהיים . . . וואָס טוט מען, וואָס פאַר אַן עצה גיט מען זיך? ניט אַהיים קומען, וועט זי דאָך נעבעך זיין גערעכט, זי האָט דאָך מיר טאַקע ניט געוואָלט גלויבן . . .

איז ביי מיר דעריבער געבליבן, אַז פריער גיי איך אַהיים, ווייזן שיינדעלען אַז איך קען יאָ האַלטן וואָרט. אַי, וואָס וועט זיין דערנאָך? דערנאָך וועלן מיר שוין זען! געקומען אַהיים, שיינדעלע האָט זיך עפּעס אירע אויגן

ניט געגלויבט; און אַן אָנגעלייגטער גאַסט בין איך געווען — פרעגט שוין ניט . . .

—טפו, טפו, שהחיינו, וקימנו — האָט שיינדעלע זיך צעלאַכט, און מיך אַרומגענומען, אַז עס איז מיר צוגעקומען אַ שטיק געזונט!

שיינדעלע גרייט צום טיש, איך עס, און עס וואַרגט מיך. יעדער ביסן שטעלט זיך מיר אין האַלדז. איך ווייס דאָך אַז איך דאַרף אַוועקגיין, און וואָס פאַר אַ פּנים האָט עס? געקומען אַהיים, און דערנאָך ערשט אָפּכאַפּן דאָס עסן און אַנטלויפן.

נאָכן עסן הויב איך אָן צו ווערן אַ דיפּלאָמאַט: — שיינדעלע — שטעל איך זיך איין, און גיב איר א זאָג: — שיינדעלע, אפשר ווילסטו גיין אין טעאַטער? איך האָב אַ „פּעס״, ווילסט גיין, שיינדעלע?

— עפּעס ביסטו מיר מיטאַמאָל צו גוט געוואָרן צו מיר — גיט מיר שיינדעלע אַ זאָג, און זי קוקט מיר אין די אויגן אַריין, גנב׳יש. — זאָג נאָר, צי ווילסטו מיך ניט אַרויספּראַווען אין אַ טעאַטער און אַליין אַוועקגיין צוריק אין שטאָט אַריין, הע?? ? ! ! !

וויל איך דאָך ניט צוגעבן, הויב איך זיך אָן צו פאַר־ ענטפערן: — שיינדעלע, וואָס דיר קען איינפאַלן! ווער וויל דיך אַרויספּראָוואַדען, איך האָב געמיינט טאָמער וויל־ סטו אַביסל צוגיין אין אַ טעאַטער . . .״

— מיט דיר וועל איך גיין אין אַ טעאַטער . . . אָן דיר גיי איך ניט. — ענטפערט שיינדעלע. איך זע אַז עס האַלט שמאָל, דער זייגער אין קעשענע רוקט זיך, קוקן אויף אים האָב איך מורא, אָבער איך פיל אַז די צייט שטייט ניט . . .

פּרוביר איך אַן אַנדער מיטל:

— אַ גאַנצן טאָג זיצסטו אין שטוב, דו האָסט דאָך אפילו ניט קיין ביסל לופט . . . פאָלג מיך, גיי זיך דורך אַביסל אין גאַס, אויף לופט . . .

— קום אויף, ווען מיר גיין. אַליין גיי איך ניט אויף דער נאַכט אין גאַס . . .

אַז איך האָב דערפילט, אַז עס האַלט גאָר שמאָל, בין איך געפאַלן אויף אַ שפּאָגל נייעם פּלאַן:

— ווייסטו גאָר וואָס, שיינדעלע, אויב אַזוי, טו זיי זשע אַ גוטע, און מאַך מיר דאָס בעט און איך וועל גיין שלאָפן . . . אַז איך בין שוין יאָ אַזוי פּרי אינדערהיים, וועל איך זיך כאָטש גוט אויסרוען . . .

— עס וועט דיר אסור שאַדן! — לייגט זי צו, און זי מאַכט מיר דאָס בעט.

מילא, פאַרפאַלן, אַז דאָס בעט איז געמאַכט, און איך האָב זי אַליין געבעטן אַז זי זאָל מאַכן דאָס בעט, דאַרף מען זיך אויסטאָן און זיך לעגן.

האָט גאָט געהאָלפן, אַז אַזוי גיך ווי איך האָב זיך אוועקגעלעגט, האָט שיינדעלע זיך אריינגעכאפּט צו א שכנה, און דער טעלעפאָן קלינגט: „העלאָ, העלאָ! — פאַר־וואָס קומט איר ניט? אַ שיינער טאָסטמייסטער זענט איר! דער עולם וואַרט דאָך אויף אייך . . . אַ גרויסער עולם!"

— איך קום גלייך — ענטפער איך, און איך כאַפּ זיך אויף גיך אָנטאָן. אַרויס אין גאַס, אַריין אין אַ טעקסי — אַביסל פאַרשפּעטיקט, אָבער איך בין געקומען צום באַנ־קעט . . . אַ סוף, אַבי איך בין דאָ!

אָפּגעמאַכט אַז איך וועל היינט קיינעם ניט געבן קיין ווערטער, עס מאַכן איינס און צוויי, און אַנטלויפן אַהיים שנעל — אפשר וועט גאָט העלפן, שיינדעלע וועט זיך פאַרזיצן ביי דער שכנה, און וועט גאָרניט וויסן אַז איך בין ניט געווען אין הויז . . .

אָבער אַ באַנקעט איז אַ באַנקעט, און יעדער איינער איז כלומרשט דעם אַנדערן געטריי, און אַלע מינוט שיקט אַן אַנדערער צו אַ פריש צעטעלע: דעם דאַרף מען געבן אַ וואָרט! יענעם מוז מען געבן אַ וואָרט! אים . . . למען השם . . . עס וועט זיך טאָן חושך! . . .

דער סוף איז געווען, אַז אַלעמען האָט מען געמוזט,

און געדארפט, און עס האָט זיך געטאָן חושך, און מען איז פּאַרטיק געוועאָרן פיר אַזייגער. כאַפּ איך שוין אַ טעקסי, און זיץ און טראַכט: אַז שיינדעלע וואָלט זיך כאָטש ניט אויפגעכאַפּט איצט. מילא מאָרגן, זאָל שוין זיין וואָס סע וועט זיין. היינט ביינאַכט זאָל כאָטש ניט זיין קיין סצענע . . . אַ סוף!

האָב איך ביי מיר אויסגעאַרבעט אַזאַ פּלאַן:

— אין דער פינצטער! איך וועל מיר אַריינקומען אין דער פינצטער, זיך אויסטאָן אין „האָל״, און שטילערהייט זיך אַריינגיין אין מיין שלאָף־צימער. זאָל זי ניט הערן ווען איך בין געקומען . . .

האָב איך טאַקע אין „האָל״ אויסגעטאָן די שיך, צע־קנעפּלט דעם ראָק, און זיך פּאַרטיק געמאַכט, אַז אַזוי שנעל ווי איך וועל אַריין, זאָל איך שטילערהייט אַריין צו זיך אין שלאָף־צימער, און גיין שלאָפן, און שאַ . . . איך שלאָף . . .

דאַכט זיך אַ ריכטיקער חשבון? . . .

העלפט גאָט, עס פּאַסירט אַ קלייניקייט: מיין ראָק פאַר־טעשפּעט זיך אין אַ בענקל, און דאָס בענקל שלעפּט מיט דעם דראָט פון אַן עלעקטרישן לאָמפּ, און דער לאָמפּ פאָלט איבערן טיש, און פון טיש הויבן אָן צו פאַלן ביכער — אָבער ניט ווי ביכער, נאָר ווי האַרמאָטן! שטיי איך אין דער פינצטער און ציטער, שיינדעלע זאָל כאָטש ניט דערהערן און זיך ניט אויפכאַפּן; זאָל איך שוין ווי עס איז דערקריכן צו זיך אין שלאָף־צימער . . . און דאָ גיסט שוין פון מיר שוויס, פון אָנשטרענגונג. פאַרגעס איך אַז איך האַלט צוויי שיך איןביידע הענט, און איך הויב אויף אַ האַנט און וויל אָפּווישן מיין שוויס, און מיטאַמאָל דער־פיל איך אז אַ שוך האָט דורכגעזעצט דאָס גלאָז פון אַ שפּיגל, און דער שפּיגל האָט זיך צעקראַכט מיט אַזאַ בראַזג, און עס האָבן אָנגעהויבן פליען מיר שטיקער גלאָז אין קאָפּ, און אין פּנים, און איידער איך האָב צייט אַ קלער צו טאָן, וואָס צו טאָן ווייטער, גיט אַ בליץ אין

צימער, עס ווערט ליכטיק — דאָס איז מיין שיינדעלע אַרונטער פון געלעגער און געמאַכט ליכטיק — און איך דערזע אַז איך שטיי אַ פאַרבאַריקאַדירטער צווישן אַן איבערגעקערטן טיש, מיט בענקלעך, און איבערן טיש ליגט אַן עלעקטרישער לאָמפּ, און אַן איבערגעקערטער ביכער־שראַנק; און טאָמער איז אייך ווינציק, רינט מיר דאָס בלוט פון פּנים און פון די הענט . . .

— וואָס זשע, האָסט זיך געדאַרפט אַרויס׳גנב׳ענען פון געלעגער און אַריינקומען ווי אַ גנב? אָט דאָס הייסט ביי דיר האַלטן וואָרט? . . . קומען פרי אַהיים, האַ? — איך שווייג.

— אוי ווי איז צו מיר! גיב נאָר אַ קוק! ווען האָסטו דאָס צעבלוטיקט? ווער האָט דיך צע׳הרג׳עט? עס גיסט דאָך בלוט פון דיר! — איך שווייג, זי רעדט ווייטער.

— ביסט אַ מבין ווי אַ מענטש מאַכט עס ביי זיך אַליין אין מיטן דער נאַכט אַ פּאָגראָם!!! — און זי לייגט צו:

— זע נאָר, האָסט דאָך מיר צעבראָכן דעם שפּיגל מיטן לאָמפּ, מיט דעם ביכער־שראַנק! וואָס שטייסטו ווי אַ גולם! גיי שוין וואַש זיך אַרום. מאָרגן וועסטו שוין מעגן איבּ־גאַנצן ניט קומען . . .

וואָס ענטפערט מען אַ ווייב אויף אַזעלכע רייד, האַ?

דעריבער זאָג איך אייך: ווי גאָט איז אייך ליב, איר קומט אַהיים שפּעט, למען השם, גייט ניט אין דער פינצ־טער, ווערט איר זיך ניט פאַרטשעפּען אין טיש מיט די בענקלעך, ניט איבערקערן דעם לאָמפּ מיט דעם ביכער־שראַנק, ניט צעברעכן דעם שפּיגל, און זיך ניט צעבלוטיקן דעם קאָפּ מיט דעם פּנים — ווארום דערנאָך וועט ערשט די ווייב זיך אויפכאַפּן און אייך מאַכן אַזוי ליכטיק, אַז עס וועט אייך ווערן וויסט און פינצטער פאַר די אויגן, אַז וויפיל איר וועט לעבן וועט איר דאָס האָבן צו געדענקען.

# איבער אַ גלאָז טיי

אייך מעג איך זאָגן דעם אמת. בסך הכל האָב איך ניט ליב קיין טיי, און אַז איך קום צוגאַסט און מען איז מיך מכבד מיט טיי, איז דאָס ביי מיר אַן אמת׳ע אָפּקו־מעניש. פונדעסטוועגן הערט וואָס פאַר אַ צרות איך בין איינמאָל אויסגעשטאַנען איבער אַ גלאָז טיי.

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז איך פאָר איבער דער פּראָווינץ און זאַמל אַבאָנענטן פאַר אַ צייטונג. קום איך צופאָרן אין אַלבאַני, ווינטער, שפּעט ביינאַכט. אין דרויסן איז אַ שניי־שטורעם, און איך טאַפּ מיין וועג צו אונדזערן אַ קאָרעספּאָנדענט צו וועמען די רעדאַקציע האָט מיך גע־ראַטן פאַרפאָרן, מחמת ער איז זייער אַ גאַסטפריינטלעכער מענטש און די רעדאַקציע וועט שפּאָרן געלט.

עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, ווען איך האָב אָנגעקלונגען ביי אונדזער קאָרעספּאָנדענט, וועלכער האָט געעפנט אַ שטיקל טיר, און איידער ער האָט מיך געלאָזן איבערטרעטן די שוועל, האָט ער ניט אַנדערש נאָר גע־וואָלט וויסן ווער איך בין.

אָנגעפרוירן, דורשטיק פון וועג, האָב איך אנשטאַט אים צו זאָגן מיין נאָמען, געענטפערט: „טוט אַ טובה, איך בין אַזוי פאַרפרוירן און דורשטיק, מאַכט אַ גלאָז טיי״.

האָט ער געעפנט די טיר אַביסעלע ברייטער, און מיך אַריינגעלאָזן, געמאַכט ליכטיק, און אַ זאָג געטאָן:

„מעג איך וויסן ווער איר זענט?״

„יאָ, אוודאי, איך וועל אייך זאָגן; אָבער מענטש, איך קען קוים אויסריידן מיט אייך אַ וואָרט, מאַכט אַ גלאָז טיי״, האָב איך זיך געבעטן ביי אים.

האָט ער מיך ווידער באַטראַכט פון קאָפּ ביז די שפּיץ פיס, איז אַוועק אין קיך, דערנאָך האָב איך געהערט ווי

ער האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע, געצאַפּט וואַסער פון אַ קראַן אין אַ בלעכענעם קעסל, און ביז ער איז צוריקגעקומען מיט דער גלאָז טיי, האָב איך געמיינט, אַז איך ווער פאַרברענט פון דורשט.

אַז ער האָט זיך באַוויזן מיט דער גלאָז טיי, האָב איך ניט געוואַרט אויף קיין עטיקעטע, נאָר איינפאַך אַרויסגענומען ביי אים דאָס גלאָז פון האַנט, און מיט איין אָטעם פאַרשלונגען דאָס גלאָז טיי.

אַ מחיה, אַ פאַרגעניגן. ערשט איצט האָב איך דערפילט ווי דורשטיק די רייזע האָט מיך געמאַכט, עס האָט מיר אָנגעהויבן אַרויסגיין די קעלט פון די ביינער, און איך האָב אים אַ זאָג געטאָן:

— זייט אַ גוטער און גיט נאָך אַ גלאָז טיי, דערנאָך וועלן מיר שמועסן, זיך באַקענען, ווי עס דאַרף צו זיין.

נעמט ער זיך קראַצן אין דער פּאַטילניצע; און אַנטשולדיקט זיך:

— מען וועט דאַרפן אויפזידן נאָך אַ גלאָז וואַסער. איך האָב מער ניט אויפגעזאָטן ווי איין גלאָז וואַסער.

— וואָס זשע, אַזוי טייער איז וואַסער ביי אייך? פרעג איך אים, און שטופּ אים כמעט מיט געוואַלד אַריין אין קיך מאַכן נאָך אַ גלאָז טיי.

בקיצור, ער איז צוריקגעקומען, אָן דער טיי, און מיט אַ טענה: — ביז די טיי וועט ווידער אויפקאָכן, מוזט איר מיר זאָגן ווער איר זענט.

העלפט דאָך ניט, אַז איך מוז, איז דאָך ניט שייך! זאָג איך אים: — איך בין אַ שרייבער פון דער צייטונג, וואו ער שרייבט פאַר אונדז קאָרעספּאָנדענציעס, איך קום איצט פון ניו־יאָרק — נאָר וואָס טויג מיר מעשיות, איצט; איך שטאַרב, איך חלש נאָך אַ גלאָז טיי. איך בין זיכער, אַז דער קעסל האָט שוין געקאָכט — ריידן וועלן מיר שפּעטער.

— אַזוי, אַ שרייבער??? — האָט ער ווי ניט מיט זיין קול אויסגערופן, און מיך גוט באַטראַכט, און דערנאָך פאַרענדיקט מיט אַ באַמערקונג:

— אויב אַזוי, איז אַלץ רעכט. און ער האָט גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ ווי איינער רעדט: אויף אַ שרייבער דאַרף מען זיך ניט חידוש׳ן . . . אויף אַ שרייבער איז אַלץ צו גלויבן . . .

אַז איך האָב אויסגעטרונקען דאָס צווייטע גלאָז טיי און נאָך אַלץ געפילט דורשטיק, איז מיר איינגעפאַלן אַ פּלאַן: וואָס דאַרף איך פּלאָגן דעם יידן, איך האָב דאָך אים אויפגעוועקט פון שלאָף, טו זאָל ער זיך גיין שלאָפן. גיב איך אַ זאָג:

— ווייסט איר גאָר וואָס, גיט מיר אַהער דעם טשייניק מיטן טשייניקל צום טיש, און איר גייט שלאָפן. — האָט ער זיך ברייט צעלאַכט פון מיין איינפאַל; לאַנג מיך באַ־טראַכט, ווי עפּעס אַ ווילדע בריאה, נאָר פונדעסטוועגן האָט ער מיר צוליב געטאָן, און מיך געפרעגט וואָס איך האָב בדעה מאָרגן צו טאָן. האָב איך אים דערקלערט, אַז איך האָב אַ צעטל פון אַלע אונדזערע לעזער אין זיין שטאָט און מאָרגן וועל איך זיין ביי זיי נאָך געלט.

ער האָט מיך ווידער אָפּגעמאָסטן, געשוויגן, געקוקט מיר אין די אויגן אַריין, און ענדלעך מיר אָנגעוויזן אַ געלעגער, און צעלאַכנדיק זיך הויך אויפן קול, האָט ער מיר אַריינגעשריען „אַ גוטע נאַכט", און איז אַוועק שלאָפן.

אין דער פרי, ווען איך בין אויפגעשטאַנען, איז ער שוין אָפּנים געווען ביי דער אַרבעט; בין איך מיר אַוועק אין גאַס, און אָנגעהויבן טאָן מיין אַרבעט צווישן אונדזערע לעזער.

אַריינקומענדיק אין אַ הויז, באַגעגנט מיך אַ בכבודיקער ייד, מיט אַ שיינער באָרד, גייט מיר אַנטקעגן, נעמט מיך אויף זייער שיין.

— זיצט.

זיץ איך.

— איר וועט טרינקען אַ גלאָז טיי?

אין אַ פרעמדער שטאָט, מען קומט צו יענעם איינמאָל אַ יאָר נאָך געלט, קען מען דאָך יענעם ניט זאָגן: „אַ דאַנק,

איך דאַרף געלט, איך וויל ניט קיין טיי . . .״ זאָג איך שוין: „טרינקען אַ גלאָז טיי״.

אָפּגעטרונקען, כאַפּט דער ייד אַרויס דאָס גלאָז פון די הענט, פרעגט מיך ניט, נאָר ער פאַרשווינדט, און באַווייזט זיך גלייך מיט נאָך אַ גלאָז טיי, און רוקט עס מיר צו מיט אַזוי פיל דרך־ארץ, מיט אַזוי פיל יראת הכבוד, אַז עס איז ביי מיר קיין ספק ניט געווען, אַז אַלץ וואָס איך דאַרף טאָן, איז ווייזן מיין איידלקייט און — טרינקען! דערווייל איז זיך דער ייד מתנצל, ווי דער שטייגער איז: ער האָט זיך אויף מיר היינט ניט געריכט, האָט ער ניט צוגעגרייט קיין געלט, וועט ער שוין אַריינשיקן אין רעדאַקציע, אין אַ וואָך אַרום.

געכאַפּט דאָס היטל, געזאָגט אַ גוטן טאָג מיט אַ שמייכל און אַוועק אויף אַ צווייטן אַדרעס. אויסגעקליבן האָב איך אַן אַדרעס פון אַן אַלטן לעזער אונדזערן, אַן אַלטער בחור, און איך האָב געוואוסט, אַז פון דער נאַטור איז ער ניט אַזאַ גאַסטפריינטלעכער.

איך האָב זיך ניט געדאַרפט פאָרשטעלן — אוודאי, ער קען מיך, ער „לייענט״ מיך אַזוי פיל יאָרן. סאַר־אַ גאַסט. זיצט, פאַרוואָס זיצט איר ניט! — ער איז איבערראַשט, לאָזט זיך לויפן אין צווייטן צימער, קומט גלייך צוריק, מיט אַ גלאָז טיי אין האַנט. ער פרעגט מיך ניט, נאָר ער מאַכט מיר באקאַנט:

— איר וועט טרינקען אַ גלאָז טיי! אוודאי — און ער רוקט זיך צו מיטן בענקל צו מיר, מאַכט מיך פילן אין דער היים, באַקוועם, רוקט מיר צו די צוקער, און ער בעט זיך ביי מיר אַזוי שיין — טרינקט, טרינקט שוין, נו!

היינט גיי טרינק ניט! דאָס צווייטע גלאָז טיי, וואָס ער האָט מיר געבראַכט, האָב איך שוין כמעט זיך איינגעשטעלט און געוואָלט אָפּזאָגן, האָט ער זיך אָבער אַזוי אָנגעטשעפּעט אין מיר, אַז איך האָב געפילט, אַז ער ווערט ברוגז.

בקיצור: צוליב געטאָן; אויסגעטרונקען נאָך אַ גלאָז

טיי און כדי פּטור צו ווערן פון אים, האָב איך געזאָגט, אַז איך וועל דאָ פאַרברענגען אַ לענגערע צייט, און דער־ווייל האָט מיר אַ גוטן! און איך בין אַרויס, כדי זיך צו ראַטעווען פון דער גאַסטפריינטלעכקייט!

— נו, איצט, טראַכט איך מיר, מוז איך געפינען אַן אַדרעס, וואו איך זאָל זיין זיכער, אַז מען וועט מיך מער ניט מכבד זיין מיט קיין טיי. געבלעטערט אַזוי לאַנג, ביז איך האָב געפונען אַן אַדרעס פון אַ מיידל, וועלכע וואוינט ביי יענעם אויף קוואַרטיר . . . דאָ בין איך שוין געווען זיכער, אַז מען וועט מיר קיין טיי ניט געבן.

— פרייט מיך זייער, יאָ, זיצט — זאָגט מיר דאָס מיידל, גלייך נאָכדעם ווי איך האָב באַקאַנט געמאַכט ווער איך בין. קומט זיצט, איך האָב זיך געריכט אויף אייך, און זי שמייכלט אזוי זיס, חנ׳עוודיק — קיין געלט האָב איך היינט ניט, נאָר איך האָב געמאַכט טיי — און זי פאַר־שווינדט אין קיך אַריין, און איידער איך האָב צייט עפּעס צו זאָגן, קומט זי צוריק מיט צוויי גלאָז טיי איןביידע הענט, פאַר מיר און פאַר זיך, זעצט זיך אַנטקעגן מיר, ביים טישל, קוקט אויף מיר דורך דעם שפּיגעלע, וואָס שטייט אויפן טיש, און שמייכלט, אַז אָפּזאָגן איר, און ניט טרינקען די טיי, דאַרף מען האָבן דאָס האַרץ פון אַ גזלן!
איך טרינק אָפּ אַביסל און דערפיל, אַז עס וועט ניט גיין, עס איז איבער דער מאָס; נעם איך און רוק אָפּ דאָס גלאָז פון זיך, נאָכדעם, ווי איך האָב דערפילט, אַז עס גייען מיר אויס די כחות. וואָס איז דאָס היינט פאַר אַ באַ־געגעניש? אַן אָנשיקעניש מיט טיי?

רוקט זי מיר צוריק דאָס גלאָז טיי: — וואָס שעמט איר זיך? מענטש, טרינקט, אפשר ניט הייס? און זי כאַפּט ביי מיר צו די טיי, און לאַכנדיק איז זי באַלד דאָ צוריק מיט אַ פרישער, הייסער גלאָז טיי.

— טרינקט, איידער עס ווערט קאַלט. וואָס לאָזט איר זיך בעטן? איך ווייס דאָך אַז איר האָט ליב טיי, מענטש!

איך בלאָז און סאָפּע, שוויץ און ברי זיך, ממש איך פיל כאָטש נעם און שפרינג פון פענצטער.

מיט צרות, מיט בויכווייטיק, איבער אַלע מיינע כוחות אָנגעטאָן זיך דעם מאַנטל, און איך הויב זיך אויף צום גיין.

— איך האָב דערגאָסן דעם קעסל — זאָגט זי מיר מיט אַ ליבן שמייכל. — איר ווערט — זאָגט זי — צוואַרטן נאָר איין אויגנבליק, וועל איך אייך געבן נאָך טיי.

בין איך אויפגעשפּרונגען ווי אַן אונטערגעשאָסענער, און זיך געלאָזט צו דער טיר — אַ דאַנק, אַ גוטן טאָג!

אויפן וועג איז ביי מיר געבליבן, אַז איך פּראַווע היינט מער ניט קיין וויזיטן, און אַ סוף זאָל עס נעמען.

אַזוי ווי איך עפן נאָר די טיר ביי מיין קאָרעספּאָנדענט, לויפט מיר די פרוי אַנטקעגן, און זאָגט מיר אָן אַ גוטע בשורה:

— גוט וואָס איר זענט געקומען. דער קעסל האָט שוין געזאָטן, גייט זיצט, איך גיב אייך שוין טיי וויפיל איר ווילט!

— און איידער איך ענטפער, לויפט אַריין איר מאַן אַ פאַרסאָפּעטער.

— געקומען דער ייד, גיכער, ריר זיך, גיב טיי! גיכער!

אוןביידע כאַפּן זיך און טראָגן מיר דעם קעסל טיי צום טיש, און איך שטיי אַזוי ווי אַ צעמישטער, און עס באַפאַלט מיך אנגסטן. ענדלעך האָב איך צוריק באַקומען לשון, און איך גיב אים אַ פרעג:

— זאָגט נאָר, עס איז ביי אייך אַזאַ מנהג, אַז אַ גאַסט קומט צו אייך דערטרינקט איר אים אין הייסער טיי?

לאַכט ער: — אדרבה, ביי אונדז גיט מען ניט קיין טיי, נאָר, פאַרשטייט איר מיך, אַז איך האָב נעכטן ביינאַכט געזען, אַז איר שטאַרבט, איר חלש׳ט, איר קענט פשוט ניט לעבן אָן טיי, האָב איך עס היינט צוגעגרייט פאַר אייך — אייך באַזאָרגט מיט טיי, ביי אַלע לעזער — און ער ווישט זיך דעם שווייס פון פּנים. — איר זעט ווי פאַרשוויצט איך בין. איך קום ערשט פון אַלע אייערע אבאנענטן.

איצט איז מיר קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס איך האָב היינט אומעטום געהאַט אַזאַ הייסן ברוך הבא!

האָב איך געכאַפּט מיינע פּעקלעך און אַנטלאָפן קיין ניו־יאָרק.

— טרינקט כאָטש אַ גלאָז טיי! — שרייט ער מיר נאָך דורך דעם פענצטער.

— אַ מבול זאָל קומען אויף אָלבאַני מיט דער טיי צוזאַמען!

## אין משוגעים-הויז

— נעמט אַוועק די ראַדיאָ! געוואַלד! איך וויל ניט קיין מוזיק! איך האָב ניט קיין לאונדרי! וואָס האָט איר צו מיר? . . . הערט מיר אויף זינגען פון „אָלד דאַטש״! . . . ניין, איך בין ניט משוגע, איך ווער שוין קלאָר, נאָר טוט מיר אַ טובה און נעמט צו די ראַדיאָ פון מיין צימער! . . . נעמט אַוועק די „לאָונדרי״-מוזיק און די וואַש-ברעטלעך!...

— ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן? מיין ווייב האָט גע־וואָלט מוזיק! . . . זעקס אין דער פרי, איך שטיי און ראַזיר זיך און די ראַדיאָ טאַראַרייקעט מיר שוין אין קאָפּ אַריין: „גוד מאָרנינג, עווריבאָדי! דהי אָלד דאַטש גוירל איז ספּיקינג!״ . . .

אַ גליק האָט מיך געטראָפן: „דהי אָלד דאַטש גוירל״ איז אַזוי אויך שיין, אַז מ׳קען נעמען חלש׳ן, נאָר אַז זי נעמט „בראָדקעסטן״ די הייליקע, פּאָעטישע אַרבעט, פון „אָלד דאַטש״, פּיל איך, אַז מוראַשקעס קריכן מיר איבערן לייב, און איך אַנטלויף פון הויז.

קום איך אַהיים עסן — ווידער די ראַדיאָ: מיין ווייב האָט ליב מוזיק . . . און די ראַדיאָ שפּילט: „מר. יאַכ־נעטשיק האָט אַ „סייל״ אויף שמאַלץ-הערינג. מר. קאָבעבע פּאַרקויפט לאַקריצפּלעצל, און האָצע־קלאָץ וואַשט איבער די „לאונדרי״ אַזוי ריין, אַז עס איז חידושים! . . . און מיין ווייב האָט קיין צייט ניט און זי איז אַזוי פּאַרנומען, אַז זי מוז אַלץ וויסן, — און איך טאָר ניט איבערשלאָגן. ווער איך שוין אַזוי נערוועז, אַז איך אַנטלויף אָן עסן, אַבי פּטור צו ווערן פון דער אָנשיקעניש, פון דער ראַדיאָ.

נאָר די אמת׳ע צרות הויבן זיך אָן ערשט אויפדערנאַכט. וואו נאָר ערגיץ אַ הייזעריקע שטימע, הויבט זי מיר אָן גרילצן און דערציילן נייעס, אָנזאָגן גוטע בשורות — גיט

מיר מציאות אין מעבל, אין „גראָסעריס" — אַז איך קען ניט פּטור ווערן. כאָטש נעם די ראַדיאָ און וואַרף זי אַרויס דורכן פענצטער...

נאָר נעכטען אָפּדערנאַכט, אַז איך האָב דערהערט, אַז אימיצער שדכנ'ט מיר שוין אַ „לאָט" אויף דער „סעמע־טערי", בזה הלשון:

— גוטן אָוונט, מר. ראַדיאָ צוהערער! די צייטן זיינען ביטערע, ניטאָ קיין אַרבעט. דער ווינטער קומט און „רענט" איז אַזוי אויך טייער — איז אָבער ניט געזאָרגט, גוטער ברודער! צו וואָס דאַרפט איר לעבן און זיך מאַטערן, אַז פאַר פינף־און־זיבעציק דאלער מאַכן מיר אייך אַן ערשטע קלאַס „פיונעראַל" מיט אַ הספד, מיט אַ „קערידזש" פאַר אייער אלמנה און מיט אַ רעווערענד, וואָס וועט אייך מאַכן אַן „אל מלא רחמים", אַז דער הימל וועט וויינען, און מיט אַ חברה משניות, און אַ חברה קדישא, אַזוי ווי ביי אייך אין יעהופּעץ; שטאַרבט, גוטער ברודער, און מאַכט אַ סוף צו אייערע ביטערע צרות — בלע המות לנצח ונאמר אמן . . ." — אַז איך האָב דאָס דערהערט, האָט זיך מיר אָנגעהויבן מישן אין קאָפּ, איך האָב אָנגעהויבן ציען די דראָטן פון דער ראַדיאָ . . . די דראָטן זיינען שוין געווען איבערגעהאַקט, און די ראַדיא זאָגט נאָך אַלץ רבנן קדיש: „על ישראל ועל רבנן . . ." אַ „סעמפּל" ווי גוט עס איז צו ליגן און פוילן אין דער ערד. האָב איך גענומען ברעכן טיש און בענקלעך און אַלץ איז געפלויגן דורכן פענצטער: די ראַדיאָ, דער „אייזבאָקס", די לאָמפּן, דאָס בעט־געוואַנט — איינמאָל פאַר אַלעמאָל: אויס מיט דער ראַדיאָ! אויס מיט אַלץ!

---

דערנאָך האָב איך אַליין גערופן אַן אַמבולאַנס און האָב זיך געהייסן אָפּפירן אין משוגעים־הויז. נאָר וואָס קומט מיר אַרויס, אַז איך קען ניט פּטור ווערן פון דער ראַדיאָ . . . זי הערט ניט אויף מיר צו דערציילן ווער עס וואַשט „לאונדרי", ווער עס פאַרקויפט וואַש־

ברעטלעך, און ביי ווען מ׳קריגט „סעמעטערי לאַטס״ און „קאַסטאָר אויל״, און „לאָקשן־קוגל״, און געפּליקטע פעדערן, און מאַטראַצן, און דערצו נאָך מיט מוזיק, מיט אַן אָרקעסטער — נעמט צו די ראַדיאָ, איך בעט אייך, ווייל איך פּיל, אַז עס מישט זיך מיר שוין ווידער אין מח . . . נעמט צו די ראַדיאָ, מערדער, וואָס איר זענט! . . . נעמט איר אַוועק! . . . עפנט מיר אַ פענסטער! . . . אַ סוף זאָל עס נעמען! . . .

# א י נ ק ו ו י ז י צ י ע

„פון דעמאָלט אָן, אַז איך ווער קראַנק, גיי איך ניט צו קיין באַקאַנטן דאָקטאָר, נאָר — אַריין צו אַ ווילד־פרעמדן, אָפּגעוואָרט אויף אַ „נעקסט״, עקזאַמינירט, גענומען אַ רעצעפּט, באַצאָלט, און — אַ גוטן טאָג, דאָקטאָר!״

אַזוי דערציילט מיר מיינער אַ באַקאַנטער, אַ נערוועזער מענטש, אַ רעדאַקטאָר פון אַ יידישער צייטונג אין דער „קאָונטרי״.

איינמאָל האָט זיך אויף מיר אָנגעזעצט אַ דאָקטאָר און מיר אָנגעהויבן ברענגען מאַנוסקריפּטן צום לייענען, אַז איך זאָל זיי דרוקן אין צייטונג. דאָס ערשטע מאָל האָט ער מיר געבראַכט אַ פולן בוזים־טאַש מיט לידער. האָב איך זיך גלייך דערשראָקן, ווייל מיט די לידער אין בוזים־טאַש, האָט דער דאָקטאָר אויסגעזען ווי מיט אַ הויקער פון פאָרנט.

דערזען אַזוי פיל לידער, האָט מיך באַגאָסן אַ שווייס צום חלש׳ן. האָב איך זיך טאַקע באַנוצט מיט דער גע־לעגנהייט, אַוועקגעפאַלן אין חלשות, גאָט צו דאַנקען, און זיך אַזוי געראַטעוועט פון זיין פאָרלעזונג! . . .

אָבער פון יענעם טאָג אָן, האָט דער דאָקטאָר מיך אָנ־געהויבן צו פאַרפאָלגן . . . זיץ איך אין טעאַטער, וואַקסט ער אויס צווישן די אַקטן. אַנטלויפן קען מען ניט; נעם שרייען געוואַלד, וועט ווערן אַ פּאַניק אין טעאַטער; זיץ איך אין געהאַקטע וואונדן, ער לייענט און פון מיר טריפט שווייס.

האָב איך שוין צוליב אים אויפגעהערט גיין אין טע־אַטער. טרעפט זיך אָבער אַז אַ שרייבער שטאַרבט אַוועק און מען פּראַוועט אַ לויה. אין מיטן דערינען, אויפן בית־עולם — ער וואַקסט אויס לעבן מיר: — איר זעט דעם

בוך לידער? דעם גאַנצן מאַנוסקריפּט, האָב איך עס טאַקע אים געווידמעט. איצט זענט איר דאָך ניט פאַר־נומען — און ער עפנט דאָס בוך, און שטעלט זיך מיר אַוועק פאַרלייענען . . . אויפן בית עולם . . . אויף אַ בית עולם האָב איך פיינט צו חלש'ן . . . מאַלע וואָס . . . שונאים האָט אַ יידישער רעדאַקטאָר גענוג, ווער ווייסט? טאָמער קען מען אַמאָל מיך אַזוי שנעל ניט אָפּמונטערן, גייען די מיטאַרבעטער, באַנוצן זיך מיט דער געלעגנ־הייט, און איידער וואָס־ווער־ווען, אַריינגעלייגט ניין איילן אין דער ערד, און ליג, גוטער ברודער! גיב אַן אַנדערן אַ „טשאַנס" צו ווערן אַמאָל אַ רעדאַקטאָר . . .

ווער איך אַ דיפּלאָמאַט, און נעם זיך בעטן ביי אים: „טאַטעלע, טוט אַ טובה, קומט שוין בעסער צו מיר אין רעדאַקציע, און איך וועל אייך אויסהערן . . . אַבי ניט דאָ . . . דאָ טוט אַ טובה, איך וויל נאָך לעבן!!!"

דאַרף טרעפן, אַז אויפן בית עולם האָב איך געכאַפּט אַ שטיקל פאַרקילונג און אויף מאָרגן, אין רעדאַקציע, פיל איך אַז מען דאַרף אַריינגיין צו אַ דאָקטאָר, און אַזוי ווי איך זיץ באַגאָסן מיט שווייס, קומט אָן דער דאָקטאָר, מיט אַ מעדיציניש רענצעלע. האָב איך זיך עפּעס פאַר אַן אויגנבליק פאַרגעסן די מעשה מיט זיינע לידער, און גיב אים אַ זאָג: גוט וואָס איר זענט געקומען, דאָקטאָר, עפּעס פיל איך זיך „דאָסיק", אפשר וועט איר מיך עקזאַמינירן, און מיר זאָגן, ווען שטאַרב איך, פון וואָס שטאַרב איך. אָבער זייט אַזוי גוט און מאַכט עס שנעל, איך דאַרף נאָך ענדיקן דאָס לייט־אַרטיקל, און ווער ווייסט, אפשר טאַקע צוגרייטן דעם הספד איבער זיך אַליין, און איינלאַדן דעם עולם צו דער גרויסער פאָלקס לויה . . .

גיט ער מיך אַ טאַפּ ביי דעם קאָפּ, דערנאָך פילט ער מיין פולס, און גיט אַ געשריי ווי ניט מיט זיין קול:

„אוי ווײ איז מיר . . . פיבער! איר האָט פיבער, פאַניע רעדאַקטאָר!" און ער ווערט שטאַרק באַשעפטיקט, און גיט אַ זאָג:

— אלזאָ, איצטער איז פאַר אייך דאָ קיין פּלאַץ ניט. קומט נאָר, קומט מיט מיר. מיר׳ן גיין צו מיר אין אָפּיס אַרייַן, און מיר וועלן אייך ברענגען אין אָרדענונג . . .״

גיב איך אַ טראַכט, טאָמער איז מיר טאַקע באַשערט צו שטאַרבן פון זיין רענצל לידער, לאָמיך שוין בעסער גיין צו אים אָפּיס אַריין, זאָל ער מיך ריכטיק עקזאַמי־נירן, און אַ סוף!

אַרייַנגעקומען צו אים, נעמט דער דאָקטאָר און עפנט מיר אַ פיר־עקיק קעסטעלע, שטעלט אַוועק אַ בענקל אין מיטן צימער, הייסט זיך מיר אויסטאָן און זיך אַריינזעצן אין קעסטל. נו, אַז אַ דאָקטאָר הייסט, דאַרף מען פאָלגן, האַ? זעץ איך זיך, ברענגט ער מיר אַ שיסל קאַלטע וואַ־סער, הייסט מיר אַריינשטעלן די פיס, פאָלג איך ווידער. אַריינגעשטעלט די פיס, נעמט ער אַ בלעכן דעקל, לייגט עס אַרויף אויפן קעסטעלע, פאַרשליסט מיר די פיס אין קעסטעלע און דעם שליסל באַהאַלט ער ביי זיך אין קעשענע.

וואונדער איך זיך שוין אפילו, און הויב אָן צו שטאַמלען: דאָקטאָר . . . דאָקטאָר . . . דאָס . . . דאָס וואַסער איז עפּעס דאָסיק, ניט וואַרעם גענוג . . . קאַלט וואַסער, דאָקטאָר . . .

צעלאַכט ער זיך: „אַהאַ, דער אמת׳ער רעדאַקטאָר, אַ גרויסער איבערקלייבער . . . אַלעמאָל איז עפּעס דאָסיק ביי אים . . . צו קאַלט, ניט וואַרעם, צו לאַנג, צו דאָסיק...״ און דערנאָך לייגט ער צו: „איצטער, פאַניע רעדאַקטאָר, זענט איר אין מיינע הענט, זיצט און שווייגט . . .״

דערווייל כאַפּט ער נאָך אַ בלעכן דעקל, און טוט עס מיר אָן אויפן קאָפּ, און פאַרשליסט מיר דעם קאָפּ אויך אין קעסטעלע. שטעקט מיין קאָפּ אַרויס פון קעסטל, איך קען זיך ניט רירן, ניט בויגן, ניט קנייטשן, ניט אַ דריי צו טאָן זיך. איך זיץ אַ פאַרשלאָסענער, טאַקע ווי אין געהאַקטע וואונדן . . . די מעשה הערט מיר אויף צו געפעלן, נאָר איידער איך עפן דאָס מויל און וויל עפּעס זאָגן, גייט דער דאָקטאָר, צעעפנט זיין רענצעלע, און ווי

דאָס האַרץ וואָלט מיר געזאָגט — עס נעמען זיך באַ־
ווייזן בויגנס, צענדליקע בויגנס באַשריבענע פּאַפּירן. עס
שווינדלט מיר שוין פאַר די אויגן, איך זע, עס פליען
פּאַפּירן, און איך דערקען שוין די קעפּלעך — לידער,
באַלאַדן, סקיצן, דראַמען — און ער שטייט און איז גרייט
צו לייענען אין מיר אַריין. ער פרעגט מיר שוין אפילו
ניט, אויב איך וויל הערן . . . שטעל איך זיך שוין איין
דאָס לעבן, און הויב אָן מורמלען:

— דאָקטאר, עס וועט נישט גיין . . . דאָקטאר . . .
איך וועל זיך ניט לאָזן . . . דאָקטאר, וואָס גייט איר טאָן?
דאָקטאר, האָט רחמנות. איך וועל זיך ניט לאָזן איצט
פאַרלעזן, איך האָב קיין כח ניט, דאָקטאר!״

שיסט ער אויס אין אַ געלעכטער: „מענטש, וואָס הייסט,
איר וועט זיך ניט לאָזן. איר זענט דאָך אַ פאַרשלאָסענער,
אין מיין קעסטעלע. בעסער בונטעוועט זיך ניט, איך הויב
אָן צו לייענען. זיצט רואיק!״ . . .

פּרוביר איך זיך ראַנגלען, איך בעט זיך: דאָקטאר,
עקזאַמינירט מיך און לאָזט מיך גיין אַהיים. איך בין
קראַנק, דאָקטאר!!!

— ווען עקזאַמינירן, אייך? איר זענט קראַנק? איר
זענט געזונט ווי אַ בער! זיצט און שווייגט. איך לייען!

מאַך איך שוין מיט אים אַ פּשרה:

— נו, גוט, אײן ליד, לייענט פאָר!

— אָבער אַז מען פרעגט ביי אייך אינגאַנצן ניט. איר
זיצט און שווייגט, טומלט ניט!

און ער נעמט זיך צו דעם באַרג פּאַפּיר פון רענצל. עס
איז מיר הייס, איך שוויץ, איך דריי זיך, עס באַפאַלן
מיך אַנגסטן, עס גיסט זיך פון מיר שווייס, און איך
קאָרטשע זיך. די לידער זענען דער אמת׳ער סם המות,
ביטער ווי דער טויט, חלשות, גרינע גאַל, און עס נעמט
קיין סוף ניט. דער זייגער שלאָגט צוועלף, איינס, עס
איז שוין ווידער זעקס, פאַרנאַכט; עס האָט מיר שוין
אָפּגענומען הענט און פיס, ערשט ער צעעפנט א קאסטן

— א קליידער־קאסטן — און עס פאלט ארויס א בארג מיט פאפיר: דראמען, ראָמאנען. קלייב איך צונויף דאָס לעצטע ביסל כחות, און נעם שרייען: „דאָקטאר, האָט רחמנות, שוין ליבערשט דער טויט. גיט מיר אביסל סם, און אן עק זאָל עס נעמען! איך שטארב, דאָקטאר!!!"

טרייסט ער מיך: „שלעכטער מענטש, וואָס איר זענט! וואָס ציטערט איר אַזוי? איך וועל אייך ניט דער'הרג'ענען, ניט פאַר'סמ'ען, איך וועל אייך נאָר אויסלייענען דעם קאַסטן ראָמאַנען און דראַמען . . . ווייטער גאָרניט . . . זיצט רואיק".

וויל איך זיך כאַפּן פאַרן קאָפּ, זענען מיר פאַרשלאָסן די הענט. וויל איך שפּרינגען פון פענסטער, זענען מיר די פיס איינגעקאָוועט אין דער שיסל. נעם איך שוין וויינען מיט ביטערע טרערן: — נאָר ניט לייענען, בעסער גיט מיר אַספּירין, סטריכעגין, פּאַריז גרין, דאָקטאר, טוט מיט מיר וואָס איר ווילט, נאָר הערט אויף לייענען. עפּנט דאָס קעסטל, דאָקטאר!

— הערט זשע אויס, גוטער ברודער — רופט זיך צו מיר אָן דער דאָקטאר — שוין אַריבער אַ יאָר אַז איך גיי אייך אַלע טאָג נאָך אין דער רעדאַקציע, וויל אייך פאָרלייענען מיינע ווערק, און אַלעמאָל האָט איר זיך אויסגעדרייט פון מיר אויף אַ קונציקן אופן; איצטער, גוטער ברודער, איז מיין „שאַנס", איך וועל אייך דאָ אַריינלייענען אַלץ וואָס איך האָב אָנגעשריבן מיין גאַנצן לעבן. בעסער שווייגט, וועלן מיר אַמאָל קענען פאַרטיק ווערן און ענדיקן . . .

דערהערט אַזעלכע קלאָרע דיבורים, האָב איך דאָך שוין איינגעזען, אַז דאָס איז אַן אמתע אינקוויזיציע, האָב איך אָנגעהויבן טענה'ן: — איך האָב אַ ווייב מיט קינ־דער, איך וועל זיך רירן פון זינען, לאָזט מיר כאָטש אָנ־שרייבן אַ צוואה, איידער איך פאַרליר מיין פאַרשטאַנד!

לאָמיך זיך כאָטש געזעגענען מיט דער וועלט, מיט מיינע לייענער, ווי עס דאַרף צו זיין!!!!

— איר שווייגט ניט? — האָט דער דאָקטאר מיך גע־נומען סטראַשען. — טאָמער זיצט איר ניט רואיק, נעם איך און רוף אָפּ אַן אַמבולאַנס, און פּאַק אייך גלייך אַריין אין אַ משוגעים־הויז, און מאַך אייך אויס רעדאַקטאָר!!!

דערהערט אַזעלכע קלוגע ווערטער, ווייס איך ניט ווי עס האָט זיך צו מיר גענומען כח, און מיט אַלע קרעפטן האָב איך זיך אַ ריס געטאָן מיטן קעסטל אויף זיך צו דער טיר. איז אָבער די טיר אויך געווען פאַרשלאָסן. האָב איך מיטן קעסטל אויפן קאָפּ דורכגעבראָכן אַ פענס־טער, און אין גאַס אַריין . . . מיטן קעסטל אויף זיך. גיין קען איך ניט, שטיי איך אינמיטן גאַס אַ פאַרשלאָסענער. איך גיב אַ קוק, ער שטייט לעבן מיר, און לייענט נאָך אַלץ!

———:———

אויפגעכאַפּט האָב איך זיך ביי מיר אין דער היים, מיט אַ פוכיר אייז אויפן קאָפּ, אַ באַרמהאַרציקע שוועסטער איז געזעסן לעבן מיר, ברענגען אַ דאָקטאר איז געווען צו געפערלעך — עס וואָלט געווען אָדער זיין טויט, אָדער מיינער . . .

— איך לאָז מער ניט צו קיין דאָקטאר צו זיך — האָב איך ניט אויפגעהערט צו שרייען — איך ציטער פאַר אַ דאָקטאר — און פאַר אַ באַקאַנטן דאָקטאָר? . . . טויזנט מאָל ערגער פון אינקוויזיציע . . .

# אַ יידישער מעצענאַט

— וואָס איז געלט? געלט איז בלאָטע! כ׳לעבן, מ׳קען עפּעס אָפּלעבן אַ וועלט נאָר צוליב געלט, האַ?

מיט אַזאַ מין אַריינפאָר האָט זיך צו מיר צוגעזעצט אַ ייד, אין אַ קליין שטעטל אין קאַנאַדע, ווען איך בין אַרומ־געפאָרן און געהאַלטן לעקציעס וועגן דער יידישער לי־טעראַטור, פון וועלכע מען קען ניט זייער שטאַרק נתעשר ווערן; און אַז מען וויל דאָך בלייבן אַן עקשן, און ניט שטאַרבן פון הונגער, מוז מען ערשט נאָך דער לעקציע אָננעמען איינלאַדונגען צו גיין אין די הייזער, אויף „פּאַרטיס״.

„פּאַרטיס״, דאַרפט איר וויסן, זענען דאָ אַלערליי . . .

„פּאַרטי״ נומער איינס — ביי אַ נאַש בראַט, אחינו בני ישראל, פּשוטע יידן, וואוילע מענטשן, קבצנים אויף דרוקעס, מען עסט אַלע טאָג אַ הערינג מיט אַ קאַרטאָפליע, נאָר פאַר זיך, מיט ווייב און קינדער, און אַז עס קומט אַ ליטעראַרישער גאַסט, רופט מען צונויף נאָך עטלעכע קבצנים, און מען קאָכט אָפּ אַ גרויסן טאָפּ קאַרטאָפליעס, מיט די שאָלעכץ, און מען קוילעט אַ האַלבן טוצן הערינג — אָבער עס איז פריילעך, היימיש, לעבעדיק, אָן קונצן, אָן חניפות, און וואָס גאָט האָט געגעבן, איז אינאיינעם — מען עסט, מען טרינקט, מען זינגט און מ׳רעדט, מ׳לייענט — מען לאַכט און מען האָט הנאה פון דער וועלט, און מען איז זיך משמח מיטן ליטעראַרישן גאַסט.

פון אַזאַ „פּאַרטי״ האָט דער גאַסט הנאה, און אַלע זענען צופרידן, און עס איז חי־געלעבט.

דער עולם, די קבצנים, זענען שוין מיטן גאַסט באַקאַנט פון זיינע לעקציעס, אָדער פון זיין שרייבן, כאַפּט מען זיך מיט אים אַרום:

— העלאָ, שלום עליכם! וואָס זשע מאַכט איר? איך האָב אײַך געהערט לייענען, גאַנץ פֿײַן. און איך וויל האָבן אײַער בוך. וויפֿיל קאָסט עס?

דער שרײַבער פֿילט זיך אין זיבעטן הימל, און דער לייענער האַלט זיך ניט גרויס. פֿאַרקערט, עס איז בײַ אים אָנגעלייגט — אַ קלייניקייט, געקויפֿט אַ בוך בײַם שרײַבער אַליין! אַ נחת!

„פֿאַרטי" נומער צוויי:

אַ ייד, וואָס ער אַליין קען זייער ווינציק יידיש, עמי־צער האָט אים פֿאַרשלעפּט צו אַ לעקציע און ער האָט די לעקציע ניט פֿאַרשטאַנען, נאָר דער וואָס האָט אים פֿאַרשלעפּט איז פֿון דעם לעקטאר שטאַרק באַגייסטערט. פּאַסט אים ניט צו זאָגן, אַז ער האָט ניט פֿאַרשטאַנען, מאַכט ער אַ פּנים, אַז ער איז אויך באַגייסטערט, און מאַכט אַן אָוונט בײַ זיך אין הויז — אַ „פּאַרטי".

וויל דער ייד, דער בעל הבית, ווײַזן פֿאַר זײַנע באַ־קאַנטע, וואָס גייען אויך ניט צו קיין יידישע לעקציעס, אַז ער איז ניט ווי זיי . . . ער גייט צו לעקציעס, און קען זיך מיט שרײַבער.

זעצט זיך דער ייד מיט דער יידענע אַוועק בײַם טע־לעפֿאָן, און מען נעמט קלינגען:

— העלאָ! וואָס טוט איר מאָרגן? גאָרניט? קומט אַרי־בער צו אונדז, מיר האָבן אַ גאַסט אַ פּאָעט, אַ שרײַבער — אָ, אַ באַרימטער מענטש, אונדזערער אַ פֿריינט; יאָ, אַ גרויסער מענטש — אַ לעקטשורער און אַ שרײַבער. ער איז אַלסדינג; וואָס איר ווילט, קען ער. יאָ, ער וועט זײַן בײַ אונדז, ער וועט לייענען, יאָ. דאַכט זיך, אַז ער קען זינגען אויך. וועט איר קומען? גוט . . .

אויף אַזאַ „פּאַרטי" איז ניט זייער פֿריילעך. די יידן, וואָס קענען יידיש, שעמען זיך צו רעדן, ווײַל בײַ זיי קומט אויס, אַז אַ מענטש איז אַ שרײַבער, דאַרף מען שוין צו אים רעדן אין אַן אַנדער שפּראַך, און אין אַ יום טובדיקן טאָן.

רעדט מען מיטן שרייבער וואָס איר ווילט נאָר פּאַר אַ שפּראַך, אַבי ניט קיין יידיש.

היינט אַז דער שרייבער שרייבט אין יידיש, און ער זעט מיט וואָס פּאַר אַ פּובליקום מען האָט אים צונויפגעבראַכט אויף דער „פּאַרטי", איז דער גאַנצער אָוונט שוין ביי אים אַן אָפּקומעניש.

דאָס לייענען איז ניט געלייענט, דאָס געזאַנג איז ניט געזונגען; אַ גליק נאָך וואָס צו אַלצדינג דאַרף אַמאָל נעמען אַ סוף, ענדיקט זיך די „פּארטי" אויך, און מען קומט דאָס איבער.

„פּאַרטי" נומער דריי — בעסער געזאָגט, נומער ערגער — איז שוין ערגער פון חבוט הקבר, ווייל חבוט הקבר איז, ניט פּאַר קיינעם געדאַכט, ערשט איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, און דערצו טאַקע ערשט נאָכן טויט. מילא, גיי זאָרג זיך איצט וועגן דעם, וואָס עס וועט זיין נאָכן טויט.

ווי איז אָבער דער דין, אַז מען מאַכט אייך אַ „פּאַרטי" גראָד ביי אַ יידן, וואָס קען יידיש, און שרייט אַז ער האָט ליב יידיש, און אַז פּאַר יידיש וועט ער זיך אויסשטרעקן, זיך ממש לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט, און היינט אַז גאָט האָט אים נאָך געבענטשט און אים געגעבן אַ סך געלט, און מיט געלט קען מען קויפן ביכער, און ביי יידן, אַז מען קויפט אַ בוך, איז מען שוין אַ מעצענאַט.

ווערט שוין דער גביר אין שטעטל אַ מעצענאַט און מען פאַרוויגט אים אין אַ גוט וויגעלע, און יעדעס מאָל ווען עס קומט צופאָרן אַ יידישער שרייבער, קלינגט מען אָן דעם גביר און מען זאָגט אים:

— איר ווייסט? דער און דער איז דאָך דאָ אין שטאָט. אַ פיינער שרייבער, איר דאַרפט זיך באַקענען מיט אים. אַ געלערנטער מענטש. יאָ, ער שרייבט שיין, און האָט אַ פיינעם נאָמען, יאָ . . . ."

היינט אַז איך בין געקומען אין דעם שטעטל, און מען האָט מיך באַקאַנט מיט דעם דאָזיקן גביר, און ער האָט

מיך איינגעלאַדן צו זיך אין הויז, און צוליב מיר נאָך אָנגערופן אַ האַלב שטעטל, און נאָך איידער דער עולם איז זיך צונויפגעקומען, האָט מיך דער ייד געלאַדן צו זיך אויף מיטאָג, און ביים טיש גיט ער מיר צו פאַרשטיין, אַז געלט אין בלאָטע, געלט אין ניט אַלעס אין דער וועלט, טראַכט איך מיר:

— ביי דיר, אַז דו האָסט אַ סך געלט, איז געלט טאַקע ניט אַלעס. אָבער ביי מיר, אַז יעדעס מאָל, ווען איך דאַרף באַצאָלן דירה־געלט, קריכן מיר די אויגן פון קאָפּ, ביי מיר איז געלט גאָרניט אַזאַ ביליקע זאַך. מיר וואָלט געלט גאַנץ שטאַרק צונוץ געקומען . . .

— מיינט איר, וואָס דאַרף איך געלט — רעדט ווייטער צו מיר דער ייד — געלט דאַרף איך האָבן כדי איך זאָל קענען העלפן אַ יידישן שרייבער, אַ יידישן קינסטלער. כ׳לעבן, זיי זענען דאָך נעבעך גרויסע שלימ׳מזל׳ניקעס . . . ווער דען וועט זיי העלפן, אַז ניט איך, מיט מיין קאַפּיטאַל, האַ? בין איך גערעכט אָדער אומגערעכט? — שטעלט דער ייד אויס אויף מיר אַ פּאָר גרויסע אויגן מיט אַ פראַגע־צייכן, וואָס צעלייגט זיך אים איבערן גאַנצן פּנים. און איך דערפריי זיך שטאַרק, און טראַכט מיר:

— גאָט האָט מיר צוגעשיקט וואָס איך זוך שוין אַזוי פיל יאָרן — אַ מעצענאַט, אַ יידישן מעצענאַט, וואָס זאָל מיר קומען צו הילף, און זאָל מיך אָפּשעצן, און מיר העלפן, איך זאָל קענען לעבן און שאַפן אַביסל רואיקער.

לייג איך אַוועק דאָס עסן, און עפן מיינס אַ בוך, און גיב אים אַ זאָג:

— הערט אויס, פריינט, אָט דאָס איז מיין בוך. איך וועל אויסקלייבן די בעסטע זאַכן און וועל אייך היינט פאָרלייענען, אַז איר וועט שטאַרק הנאה האָבן, איר הערט? איך וועל אייך ווייזן דאָס שענסטע וואָס איך האָב געשאַפן אין אַלע מיינע יאָרן, און איך פאַרלאָז זיך אויף אייערע מבינות און אויף אייער געשמאַק, און אויף אייער גוט

האָרץ, אפשר וועט איר איינזען, ווי נויטיק עס איז מיר צו קומען צו הילף!

— אַך, בכבוד גדולו! זייער אָנגעלייגט ביי מיר, איך וועל זיכער זיין צופרידן עפּעס צו טאָן פאַר אייך. לאָמיר נאָר האָבן די זכיה אייך צו הערן לייענען, מען זאָגט מיר טאַקע, אַז איר זענט עפּעס גאָר אַ חידוש, עפּעס נייעס אויף דער יידישער גאַס. מען זאָגט דאָך, אַ כפּרה טעאַטער . . . אלזאָ, אָפּגעמאַכט. באַרואיקט אייך, און ביים טיש וועל איך אַליין האַלטן אַ רעדע וועגן אייער קונסט, און וועל אייך שטיצן מיט דער פולער האַנט — האָט דער מעצענאַט פאַרענדיקט.

דערנאָך איז זיך דער עולם צונויפגעקומען — אַלע, גבירים אדירים, יידן מיט בייכלעך און מיט בייכער, מיט באַנק־ביכלעך, מיט צוואנציק טויזנט, מיט פופציק טויזנט — און לעבן מיר זיצט אַ ייד, און ציילט זייער געלט, עס הייסט, ער פרובירט טרעפן:

— דער בעל הבית אַליין, איז אַ ייד, וואָס מען שאַצט אים אין צוויי מאָל הונדערט טויזנט — הער איך ווי ער פאַרטרויעט זיין שכן אַ סוד.

— און דער נידעריקער, דער גראָב־בייכיקער, איז אַ פערטל מיליאָנטשיק . . . און יענער יונגערמאַן, האָט נעבעך ערשט פאַרלוירן אַ פערטל מיליאָן דאלער אויף דעם סטאָק עסטשיינדזש; אָבער נשקשה, ער האָט גענוג, הלואי אויף אונדז ביידע געזאָגט געוואָרן.

און נאָך מער קונץ, מען רעדט דוקא יידיש, און אַ שיינעם, אַ קנאַקנדיקן יידיש — אַ וואָלינער, אַ בעסאַראַביער, און קיינער דאַרף ניט גיין אין קעשענע זוכן אַ וואָרט. זייער פיין, שיין, אַ מחיה.

דער בעל הבית נעמט אַ וואָרט, האַלט אַ קורצע, שיינע רעדע, שטעלט מיך פאַר, זייער בכבודיק, און זאָגט, אַז ער האָט דאָס פאַרגעניגן מיך פאָרצושטעלן, און איך וועל לייענען פון מיין באַנד הומאָר . . .

איך לייען, דער עולם קאָטשעט זיך פון געלעכטער,

קיין וואָרט גייט ניט פאַרלוירן, יעדער וויץ ווערט פאַר־
דייעט — אַ וואונדערבאַרע יידישע געזעלשאַפט.

דריי מאָל האָט מען מיך אַרויסגערופן און איך האָב
געמוזט לייענען נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל.

צום שלום, נעמט דער בעל הבית נאָכאַמאָל אַ וואָרט
און ער זאָגט, מיט טרערן אין די אויגן:

— איך האָב שוין געהערט אַ סך מענטשן לייענען, נאָר
היינט אויף דערנאַכט בין איך איינפאַך גליקלעך, און איך
בין זיכער, אַז אַלע וועלכע זיצן דאָ, זענען גליקלעך וואָס
זיי האָבן געהאַט דאָס גרויסע פאַרגעניגן צו האָבן אַזאַ
גייסטרייכן, ליטעראַריש־הומאָריסטישן אָוונט, און מיט אַ
נאָז־טיכל צו די אויגן, מאַכט ער אַ דראַמאַטישן אָנשטעל,
און ווענדט זיך דירעקט צו מיר:

— איך וויל אַז איר זאָלט מיר גלויבן, אַז איר זענט
מיר געוואָרן היינט איינגעבאַקן אין האַרצן, און אַ סך
נענטער פון אַן אייגענעם ברודער, און געוויס דאַרף מען
אייך לייענען, מען דאַרף אייך שטיצן — מען מוז אייך
געבן אַ מעגלעכקייט, אַז איר זאָלט קענען זיצן רואיק,
און שאַפן פאַר דער יידישער ליטעראַטור, ווייל איר זענט
אַ כבוד, איר זענט אַ שיינדלינג פאַר דעם יידישן פאָלק.

— און דער עולם אַפּלאָדירט אים, און שרייט בראַוואָ.
אַלע זענען איבערראַשט, איך אַליין בין אויך גערירט פון
דעם מעצענאַטס ווערטער, און טראַכט מיר:

— ענדלעך קומט פאַר מיר די ישועה. אָט, אָט, און
איך ווער געהאָלפן. ווי וועט ער עס מיר ניט אויסשרייבן
אַ „טשעק" כאָטש פאַר אַ צען „סעטס" ביכער? און זאָגן:
„דאָ איז אַ „טשעק", און איך וועל שוין זען פאַרשפּרייטן
אייערע ביכער . . ."

און איידער איך האָב צייט עפּעס אים צו ענטפערן,
כאַפּט ער זיך טאַקע צו דער קעשענע, און שלעפּט אַרויס
אַ פּאַק מיט פּאַפּיר־געלט, און ציט אַרויס פון דעם פּאַק
אַ . . . פינפערל, און רופט זיך אָן:

— נא, מיין טייערער, וויפיל קאָסטן דיינע ביכער, דריי

און אַ האַלב דאָלער? נאַ דיר אַ פינפערל, גיב מיר אויס־
גאָב, און זאָל זיין אין אַ מזל׳דיקער שעה. איך האָב תמיד
ליב געהאַט צו שטיצן און אַרויסצוהעלפן יידישע שריי־
בער, און דיך וועל איך געוויס זיך ניט אַנטזאָגן צו שטיצן,
און אַז דו וועסט אַרויסגעבן נאָך אַ בוך, וועל איך דיר
נאָכאַמאָל העלפן . . .

———:———

און ווען מען רעדט פון יידישע מעצענאַטן דערמאָן
איך זיך אָן דעם יידישן גביר פון דעם קליינעם שטעטל
אין קאַנאַדע, און עס קלינגט מיר אין די אויערן זיינע
ווערטער: וואָס איז געלט, געלט איז בלאָטע; כ׳לעבן, מען
קען עס אָפּלעבן אַ וועלט נאָר צוליב געלט?

נאָר אַז איר ווילט מיך נעמען צו אַ „פּאַרטי״, נעמט
מיך צווישן קבצנים, גיט מיר הערינג מיט קאַרטאָפּליעס,
אָן רעדעס, אָן טרערן, און אָן יידישע מעצענאַטן . . .

# א י צ י ק ל

אין דער היים, אַז איך בין נאָך געווען אַ קליינער ייִנגל, האָב איך געהאַט אַ טייערן חבר, איציקל.

איציקל דעם שניידערס — אַ שיינער בחור'עץ, מיט פּוכקע באַקן, גרויסע, לאַכעדיקע אויגן, און ברייטע פּלייצעס. ניט מער — מיין טאַטע איז געווען אַ שיינער ייִד, אַ למדן, און איציקל'ס טאַטע איז געווען אַ פּשוטער שניידער, און האָט ניט געקענט קיין בלעטל עברי אָפּזאָגן אָן גרייזן.

האָט דער טאַטע ניט געוואָלט ליידן, וואָס איציקל גייט צו אונדז אין שטוב אַריין. אָבער איציקל און איך האָבן זייער גוט געלעבט, און מיר פלעגן זיך שפּילן אין דרויסן, און ביי זיי אין הויז — אַזוי אַלע חדר־יאָרן.

אַז מיר האָבן ביידע אויפגעהערט צו גיין אין חדר, האָבן זיך אונדזערע וועגן צעשיידט — איך בין געוואָרן אַ לערער, און איציקל האָט זיך געשטעלט ביי זיין טאַטן פאַר אַן אַרויסהעלפער, און שפּעטער איז ער געוואָרן אין דעם אייגענעם שטעטל אַ שניידער פאַר זיך.

אַ חבר איז אַ חבר, און ווען איציק האָט גענייט מיין הלבשה צו דער חתונה, האָט ער מיך דערמאָנט אין אונדזערע קינדער־יאָרן, און אין איין וועגס זיך באַקלאָגט, אַז ער קען פון דער נאָדל ניט ציען גענוג חיונה, און ווען ער זאָל האָבן אויף אַ שיפסקאַרטע, וואָלט ער אַוועק קיין אַמעריקע.

אַז איך האָב געדאַרפט אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, איז איציקל געקומען זיך מיט מיר געזעגענען, און מיט טרערן אין די אויגן מיך געבעטן:

— חבר מיינער, אויב דו וועסט נאָר אַמאָל קענען, שיק אַ שיפסקאַרטע, ראַטעווע מיך — פאָרט געווען אַמאָל חברים, געלערנט ביי איין רבין.

פינף און צוואנציק יאָר שפּעטער, שוין נאָכדעם ווי איך האָב פאַרגעסן אין איציקלען, ווי מען פאַרגעסט אין אַ סך אנדערע, גיי איך אין גאס, שפּאַציר אויף בראָדוויי, שטעלט מיך אָפּ אַ ייד, רופט מיך אָן ביים ערשטן נאָמען, לאָכט מיר אַריין אין געזיכט, טרייסלט מיך ברייט פאַר די אַקסלען. שטיי איך אַ צעמישטער, דאָס פּנים איז עפּעס יאָ באַקאַנט, אָבער איך פיל, אַז עס איז לאַנג, זייער לאַנג, אַז איך האָב דעם מענטשן שוין ניט געזען. בין איך און אַ גרויסער פאַרלעגנהייט, און ווייס ניט וואָס צו זאָגן.

— איציקל! — שטעלט ער זיך פאָר פאַר מיר, און לאָכט אַזוי געשמאַק, אַזוי האַרציק, און דורכן לאַכן האָב איך זיך ווידער דערמאָנט אין מיין אַמאָליקן חבר, און זאָג אים:

— איציקל, דעם שניידערס, פון סניטקיוו?

— יאָ, יאָ, פון סניטקיוו! און איך זע, אַז ער איז זיך מחיה, וואָס איך רוף אָן דאָס שטעטל. דערנאָך גיב איך אים שוין אָפּ אַ שלום עליכם, און פרעג אים — איז וואָס זשע מאַכסטו, איציקל? ווי גייט עס דיר?

— גוט, זייער גוט! — און ער לאָכט אַזוי ברייט, אַזוי געשמאַק, נאָר מיטאַמאָל אַנטשולדיקט ער זיך, ער האָט קיין צייט ניט, שטופּט מיר אַריין אַ וויזיט־קאַרטעלע אין האַנט, און גיט מיר אַ זאָג:

— קלינג מיר אָן, קום צוגיין! — און ער איז אַוועק.

האָב איך באַהאַלטן דאָס קאַרטעלע אין אַ קעשענע, נאָר ווי עס טרעפט זיך, האָב איך זיך אין דער גאַנצער מעשה ווידער פאַרגעסן.

אַפּנים אָבער אַז איציקלען איז געגאַנגען אין לעבן, אַז איך זאָל זיין ביי אים. מחמת אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט ער מיר אָנגעקלונגען, און זאָגט מיר:

— דאָס רעדט איציקל, דיין לאַנדסמאַן. וואָס ביסטו אַזוי גרויס ביי זיך, פאַרוואָס קומסטו ניט אַריבער? דאָ איז דאָך שוין ניט סניטקיוו. דאָ זענען אַלע גלייך . . .״

אין דעם — אַלע גלייך — האָב איך געפילט, אַז איציקל

געדענקט נאָך, אַז מיין טאַטע פלעגט ניט וועלן ליידן אים ביי אונדז אין הויז. האָב איך אים באַרואיקט, און טאַקע צוגעזאָגט, אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט וועל איך קומען צו אים מיט אַ באַזוך.

געפונען דאָס קאַרטעלע זיינס, אָבער איך דערקען ניט זיין נאָמען — אין דער היים האָט ער געהייסן איציק איצקאָוויטש, און דאָ, אויף דער קאַרטל, ניטאָ שוין קיין זכר פון איצקאָוויטש, נאָר סמיט. מילא, טראַכט איך, אַ דאגה מיר . . . סמיט, זאָל זיין סמיט.

איך גיב אַ קוק אויפן אַדרעס, גלויב איך ווייטער ניט מיינע אויגן. איך קען גוט די שטאָט, און די גאַס וואו דער אַדרעס געפינט זיך, איז אַן „עקסקלוזיוו" געגנט, און דאָרט וואוינען נאָר מיליאָנערן. אָבער אַן אַדרעס איז אַן אַדרעס, און איך לאָז זיך פאָרן אין מיליאָנערסקן געגנט זוכן אַ אייזיק סמיט.

אַז איך האָב זיך אָוועקגעשטעלט מיט מיין „שעווי" לעבן דעם פּאַלאַץ, און אַ דינער האָט מיר געעפנט די טירל פון „שעווי", האָב איך זיך פאַרשעמט אַרויסצוגיין, און עס האָט מיר גענומען עטלעכע מינוט ביז איך האָב געקענט עפענען מיין מויל צו זאָגן דעם דינער, אַז איך זוך אַן אַדרעס פון איינעם אַ אייזיק סמיט.

— דער אַדרעס איז ריכטיק, אָבער וועמען ווילט איר זען?

— איך דאַרף זען מר. אייזיק סמיט — און ביי זיך טראַכט איך: פּילייכט איז ער דאָ אַ שניידער, אָדער אַ משרת . . .

— קאָרעקט — ענטפערט מיר דער דינער — ביטע קומט מיט מיר. — און ער פירט מיך צו ביז דער טיר, און גיט אַ קלונג דעם גלאָק, נאָר צו דער טיר קומט אַ יאַפּאַנעזער און נעמט מיין קאַרטל, און לאָזט מיך וואַרטן אויף אַן ענטפער.

ביים אַריינגאַנג האָט מיך באַגאַסן אַ שוויס. איך בין אין מיין לעבן אין קיין מיליאָנערסקע הייזער ניט געווען,

און די אויסשטאַטונג האָט מיך פאַרכאַפּט, איך בין נבהל ונשתומם געוואָרן.

אַריינקומענדיק שוין, אויפן וואונק פון אַן אַנדער משרת, אין אַן אויפנאַם־זאַל, באַדעקט מיט טייערע טעפּיכן, און קונסט בילדער אויף די ווענט, און בראָנזענע סטאַטועץ אין די ווינקלען, און וואַרפנדיק אַ קוק אויף די קונסט־פּולע שטיקער מעבל, וואו יעדער זאַך האָט דערציילט פון אַזוי פיל עשירות, פון אַ וועלט מיט לוקסוס, בין איך ערשט געוועזן כמעט זיכער, אַז דאָ איז עפּעס אַ טעות, און אַז איך האָב ערשט פאַרבלאָנדזשעט.

נאָר ענדלעך איז אַריינגעקומען צו מיר, פון אַ זייטיקן צימער, דער בעל הבית — איציקל. דער אייגענער איציק דעם שניידערס, מיין חבר, דעם שניידערס אינגל.

— נו, וואָס שטייסטו ביי דער טיר? קום ווייטער, זעץ זיך!

זיך איך פאַרלוירן, ווייס ניט וואָס צו רעדן. פאַלט ער אויף אַ פּלאַן און עפנט אַ צווייטע זאַל, און זאָגט מיר: „קום ווייטער" . . .

ער גייט, און איך גיי אים נאָך, ווי מ'גייט אין אַ חלום. עס איז עפּעס אַזוי אומדערוואַרט, און אַזוי וואונדערלעך די גאַנצע זאַך. איך קוק אויף דעם פּאַלאַץ, און אויף אים, און אין מח פּלאָנטערן זיך קינדער־יאָרן, סניטקיוו, מיין שטעטל, און אַ איציקל דעם שניידערס, ביז מיטאַמאָל כאַפּ איך אַ קוק אויף אַ בילד וואָס הענגט אויף דער וואַנט, איינע פון יענע קונסט פּאָרטרעטן, וואָס זענען געמאָלן פון אמת גרויסע מאָלער, און אַזוי ענלעך אויף דעם מענטשן פון וועמען דאָס איז געמאָלן, אַז מען דערשרעקט זיך אַזש פון באַוואונדערונג.

— איציקל! אַן אמת לעבנס־בילד פון דעם מענטשן וואָס שטייט איצטער קעגן מיר. אַ קונסט־בילד.

— צוויי טויזנט דאָלער — לאָזט ער מיר וויסן — האָט ער באַצאָלט. און ער לייגט צו:

— אַן אמת'ע צאַצקע, האַ, וואָס זאָגסטו? און ער מאַכט

גלייך אַ באַמערקונג: אַרויסגעוואָרפן געלט, נאָר דער מאַלער האָט זיך אָנגעזעצט אויף מיר, איך זאָל אים העלפן, ווייל אַז ער וועט מאָלן מיין בילד, וועלן אַנדערע גבירים אויך געבן זייער אַרבעט. מילא, האָב איך זיך שוין ניט געקענט אָפּטשעפּען פון אים. האָט ער מיך געפּלאָגט אַ האַלב יאָר נאָכאַנאַנד, דריי מאָל אַ וואָך, ביז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער „צאַצקע".

האָב איך שוין געזען וואָס פאַר אַ גרויסער מבין מיין חבר איז אויף קונסט. נאָר מוחל, איז ער ניט קיין מבין, מיין דאגה.

— איך האָב געוואוסט, אַז דו ביסט אַ שרייבער אין אַמעריקע — לאַכט ער מיר אַריין אין פנים אַריין.

— דו ביסט ניט קיין לייט! אַזוי לאַנג אין אַמעריקע, לערנען האָסטו נאָך אין דער היים געקענט — און ער פאַרענדיקט מיט אַ פראַגע:

— פרעג איך דיך אַליין, זאָג, האָסטו שכל ? ? ?

שווייג איך. איך וועל דאָך ניט גיין באַ אים אין הויז זיך פאַרמעסטן מיט אים און ווייזן אַז איך האָב יאָ שכל.

דערציילט ער מיר, כאָטש איך פרעג אים ניט:

— געאַרבעט אַ שטיקל צייט באַ יענעם, דערנאָך זיך צוגעשלאָגן צו אַן אייגן געשעפט. פון געשעפט איז גע־וואָרן דריי געשעפטן, דערנאָך אַ גאַנצע קייט. די קייט געשעפטן פאַרקויפט, גענומען הונדערט טויזנט דאָלאַר פאַר'ן נאָמען . . . און מיט די הונדערט טויזנט דאָלאַר געמאַכט אין איין יאָר, אַ האַלבן מיליאָן; און מיט אַ האַלבן מיליאָן אָרגאַניזירט אַ „קאָרפּאָריישאַן" פון דריי מיליאָן, און ווער איז דער פרעזידענט — אייזיק סמיט!

עס טרעפט אַמאָל אַז אַ מענטש ווערט אַזוי איבער־גוועלטיקט אַז ער פארלירט זיין שפּראַך, מיט מיר האָט עס פּאַסירט אין דעם דאָזיקן מאָמענט, ווען ער האָט אַרויסגעזאָגט דעם נאָמען „אייזיק סמיט", און אַ טיר פון אַ דריטער זאַל האָט זיך געעפנט און עס איז

אַריינגעקומען אַ בילד שיינע, עלעגאַנטע דאַמע, און ער האָט זי פאָרגעשטעלט — „מרס. סמיט״, און איך האָב דערזען דעם טיפן דרך ארץ וואָס זיין פרוי האָט פאַר אים, האָב איך זיך, איך ווייס אַליין ניט פאַר וואָס, אַזוי פאַרלוירן, אַז איך האָב ניט געקענט אויסריידן קיין וואָרט.

באַ דעם עסן האָט מיך געבריט אין פּליצע, מחמת איך האָב געפילט אַז הינטער מיר שטייט דער יאַפּאַנעזער און ווייסט אַז איך בין הילפלאָז, און האָב ניט קיין ברעקל באַגריף מיט וועלכן שטיק זילבער, מען הייבט אָן פריער זיך באַנוצן באַם טיש. עס איז מיר ניט איינגעגאַנגען דאָס עסן, די געטראַנקען, און איך האָב געדאַנקט גאָט, אַז מען האָט געענדיקט עסן.

מיט אַ קאָפּ־ווייטיק האָב איך פאַרלאָזן מיין לאַנדס־מאַנס פּאַלאַץ, האָב צוגעזאָגט קומען אָפטער, אָבער איך בין מער ניט געקומען, ביז אין אַ צייט אַרום, ווען איך האָב זיך איינמאָל געפילט אין אַזאַ שרעקלאכער געדריק־טער לאַגע, אַז איך האָב פאַר זיך קיין רעטונג ניט געזען, איז מיר מיטאַמאָל איינגעפאַלן אַ געדאַנק

— איציק׳ל, מיין חבר! ער קען מיך ראַטעווען פון מיין קריזיס. און עס איז באַ מיר געבליבן, אַז צו אים וועל איך גיין, וועל פאַר אים עפענען מיין האַרץ, און בעטן אַ טובה.

בין איך אַוועק צו אים אין זיין קאַנטאָר, אין דעם „סמיט בילדינג״, וואָס איך האָב יאָרלאַנג געקענט, נאָר עס איז מיר קיינמאָל ניט איינגעפאלן, אַז דאָס „סמיט בילדינג״ איז מיין לאַנדסמאַנס . . . גיי ווייס, אַז דאָס געהערט צו אַ סניטקיווער אידן.

אין זיין פּריוואַטן קאַבינעט האָט ער מיך פריער אויס־געפרעגט צען מאָל יעדע קלייניקייט, מיר דערנאָך גע־גיבן אַלערליי עצות.

— אַז ווער דאַרף עס דאָ יידיש? איך קען נאָך יידיש, אָבער אָט, דאָס ווייב, איז אינגאַנצן שוין אַ היגע גע־בוירענע, און די קינדער רעדן אינגאַנצן קיין יידיש

ניט. היינט אַז יידיש שרייבן באַצאָלט זיך ניט, און מען קען דערפון קיין פּרנסה בריוח אויך ניט האָבן, דאַרף מען דאָך זיין ערגער פון משוגע, מען זאָל עס ניט אַוועק־וואַרפן . . .

— און פאַרוואָס זאָל איך ניט ווערן אַ גראָסערי־מאַן, אָדער אַ קאָסטימער פּעדלער, אָדער גאָר אַ „ריעל עס־טייט" אַגענט. וואָס זשע, ווינציק פּרנסות זענען דאָ אין אַמעריקע, צו וועלכע איך וואָלט זיך געקענט אויס־טויגן ? . . .

און נאָך אַלע עצות, האָט ער זיך מיטאַמאָל אויפגע־שטעלט און צוגעלייגט:

— שאַ, ווייסטו גאָר וואָס, גיי צו די טשאַריטיס! איך וועל דיר גיבן אַ בריוו צו די „טשאַריטיס", איך בין דאָרטן אַ דירעקטאָר, איך גיב זיי געגוג געלט אַלע יאָר.

אַז איך האָב דערהערט דאָס וואָרט „טשאַריטיס", האָב איך ווידער פאַרלוירן דאָס לשון, נאָר איך האָב זיך אויפ־געהויבן און בין אַרויס אָן אַ זיי־געזונט פון זיין קאַנטאָר.

פון יענעם טאָג אָן, אַז איך גיי דורך אַמאָל די „סמיט בילדינג", פיל איך אַ ווייטיק אין האַרצן. עס איז מיר אַ שאָד, וואָס די געביידע האָט ביי מיר געגרויבט אַ חבר פון מיין שטעטל, און אַז איך באַמערק אַמאָל זיין נאָמען אין אַ צייטונג, אַז ער צעטיילט טויזענטער אַף „טשאַ־ריטיס", שטיקן מיך אין האַלדז צוויי ווערטער:

— מיין חבר!

באַהיט זאָל מען ווערן פון חברים, וועמען גאָט שטראָפט מיט מיליאָנען .

# דערלעבט נחת . . .

אַז איר וועט ניט לאָזן פון מיר, וועל איך אייך עפּעס דערציילן, טאַקע וועגן דעם איצטיקן קריזיס. איר הערט: גייט דאָך אַרום אַ וועלט און זאָרגט זיך; מען שטאַרבט פאַר הונגער, ניטאָ אַף קיין דירה־געלט; אמת, איר מעגט עס גלויבן, עס איז ריכטיק. טאַקע ווי מיין ווייב זאָגט: חוץ דעם וואָס די צייט איז זער שלעכט, איז נאָך אַ „דע־פּרעשן" אויך.

פונדעסטוועגן שעם איך זיך אייך אויסצוזאָגן, אַז מיך האָט געטראָפן אַ גליק. שטילערהייט, אין האַרצן, טוט מיר שטאַרק הנאָה פון דעם גאַנצן עסק, פון דעם קריזיס, מיט דער „דעפּרעשן", און איר זאָלט ניט מיינען, אַז איך בין משוגע, צו חסר־דעה, און איך ווייס ניט וואָס איך רעד.

אָט, ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך שוין אין אַמע־ריקע, אַ זעקס צענדליק יאָר; איר דאַרפט וויסן, אַז איך בין געווען אין אַמעריקע, נאָך פאַר די קעשענעווער פּאָ־גראָמען; יאָ, און פונדעסטוועגן, רעד איך נאָך יידיש, און שבת איז שבת, יום טוב איז יום טוב — דער אייגענער גאָט אומעטום — און איך בין ניט געפלויגן אין דער לופטן, אַמעריקע האָט מיך ניט איבערגע׳שמד׳ט, איך האָב ניט פאַרריסן די נאָז, און ניט איינגעלייגט די וועלט.

נאָכן קעשענעווער פּאָגראָם, האָב איך אַריבער געבראַכט די משפּחה, און גלאַט קרובים, און האָב זיך געפרייט — עס וועט זיין אַ היימישער מענטש, מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן, מען וועט זיך דערמאָנען אין די אַמאָליקע גוטע יאָרן, אַ חיות.

איז אַזוי: איך ברענג אַריבער אַ שוועסטער־קינד — אָרעם, דערשלאָגן, נאַקעט, באָרוועס — האַלט איך אים

אָפּ באַ זיך אין הויז גרינערייט, דערנאָך באַזאָרג איך אים מיט אַרבעט, און זע אַז ער זאָל ווערן אַ לייט; טוט ער מיר אָפּ אַ שפּיצל, און אַזוי גיך ווי ער גרינט זיך אויס, גייט ער און בייט איבער דעם נאָמען. איר פאַר־שטייט, דער נאָמען געפעלט אים שוין ניט . . . מיר שטייט אָן צו הייסן ווייסמאַן, מרדכי ווייסמאַן, און ער — פּלוצ־לינג — אויס ווייסמאַן, ער הייסט שוין „מיסטער ווייט". נאָר, איר ווייסט דאָך, אייער קאָפּ קענט איר אָף יענעם ניט אַרויפזעצן, זאָל זיין אַזוי.

און וואָס נאָך: איך האַלט אים באַ מיר אין הויז, ווי אַן אייגן קינד; מיטאַמאָל, געפעלט אים שוין ניט דער געגנט, און ער ציט זיך ארויס, אַזש ווייסיך, ערגעץ אין ניו־דזשערסי.

— ניו־דזשערסי געפעלט אים, עס איז ניט ניו־יאָרק. אין ניו־יאָרק — טענה'ט ער — קען מען זיך קיינמאָל ניט אויסגרינען . . . פאַרשטיי איך דאָך שוין, אַז דאָס גיט ער עס מיר אַן אָנצוהערעניש, אַז איך, דער פעטער זיינער, בין געבליבן אַ גרינער, און געפעל אים ניט.

אַרויסגעצויגן קיין ניו־דזשערסי, האָב איך אים שוין אין די אויגן ניט אָנגעזען, און טאָמער איז ער שוין יאָ אַמאָל אין אַ יובל געקומען צו גאַסט, האָב איך געפילט אַז דאָס איז נאָר פון יוצא וועגן, און וואָס אַ יאָר ווייטער, אַלץ זעלטענער האָב איך אים געזען באַ זיך אין הויז, און אַז איך האָב אים איינמאָל אָנגעטראָפן אין ניו־יאָרק, און האָב אים גענומען פרעגן:

— סטייטש, וואָס האָב איך דיר אַזוינס שלעכטס גע־טאָן, פאַרוואָס קומסטו אַמאָל ניט צעפאָרן, זיך זען מיט דער משפּחה?

— ווער האָט עס צייט? — ענטפערט ער מיר, און לייגט נאָך צו:

— משפּחה . . . אין אַמעריקע איז ניטאָ קיין משפּחה. די באַנק איז די משפּחה; „ריעל עסטייט" מוז מען אָפּ־

היטן, דעם ׳סטאָק מאַרקעט״ טאָר מען ניט פאַרנאַכלע־סיקן אַלע טאָג . . . ״

הכּכל, ער האָט זיך אינגאַנצן דערוויטערט, מען זעט ניט, מען הערט ניט . . . ווי אין וואַסער אַריין.

וואָס דאַרפט איר מער, דאָס איז דאָך ערשט אַ שוועס־טער־קינד. וואָס וועט איר זאָגן, אַז איך וועל אייך דער־ציילן וואָס פאַר אַ שפּיצל אייגענע קינדער — זין און טעכטער, איידעמס און שנורן — האָבן מיר אָפּגעטאָן?

איך ברענג זיי קיין אַמעריקע, אַרבעט שווער און ביטער, שיק זיי אין סקול, צי פון זיך די הויט, און לאָז זיי נאָך שטודירן אויך — איינער ווערט אַ דאָקטאָר, אַ צווייטער אַ לאָיער — און ביז איך דערלעב, אַ קינד מאַכט דורך „קאָלעדזש״, קריכן מיר די אויגן פון קאָפּ; אָבער, גאָט צו דאַנקען, אברהם איז שוין אַ דאָקטאָר, ישראל איז אַ לאָיער, און איך לאָז זיך ווידער קאָסטן און שטעל זיי איין, ווי עס דאַרף צו זיין, איבער די כּוחות, און איך טראַכט:

— דערלעבט נחת, אויפגעבראַכט קינדער, צו גאָט און צו לייט.

זאָל מיר איינפאַלן, אַז אייגענע קינדער וועלן בעמן און אַרויסציען פון ניו־יאָרק ערגעץ אין פּענסילוועניע, און מען וועט זיי חדשים לאַנג אין די אויגן ניט אָנזען?

און מיינט איר, וואָס האָט עס געמאַכט? געלט. איר פאַרשטייט. די „פּראָספּעריטי״, איך בעט איבער אייער כּבוד, האָט מיינע קינדער אַזוי פאַרדרייט די קעפּ, אַז מען האָט געמיינט אַז מ׳קען ש אַ ר ן געלט.

דאַכט זיך מיר, לויט מיין פּשט׳ן שׂכל, דו ביזט אַ דאָקטאָר, אָדער אַ לאָיער, מאַכסט אַ שיין לעבן, זיי זשע צופרידן; האָסט דיר געקויפט אַ הויז, דו פאָרסט אין אַ שיינער מאַשין, וואָס נאָך דאַרף מען, האַ? נו, זעט איר דאָך, אַ מענטש האָט גרויסע אויגן, און וויל רק פאַרכאַפּן די גאַנצע וועלט . . .

האָט דער דאָקטאָר מיינער, מיט דעם לאָיער ערגעץ

אָפּגעקויפט אַ שטיק לאַנד, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן עסק מיט „לאָטס״, מיט „סובדיוויזשענס״, אַ מעשה מיט וועלן רייך ווערן, מיט פליען אין דער לופטן; און אַז מען האָט אָנגעהויבן פליען, האָט מען זיך פאַרגעסן אין דעם טאַטן מיט דער מאַמען. און טאָמער איז מען אַמאָל געקומען צו גאַסט איינמאָל אין אַ שמיטה, איז מען אריין, ״העלאָ״ — און באַלד ״גוד־ביי״, ניטאָ קיין צייט אפילו צו עסן, רעדן, פאַרברייגגען ווי עס דאַרף צו זיין; אַזוי ווי איך זאָג אייך, וואָס רייכער די קינדער זענען געוואָרן, אַלץ ווינציקער נחת האָב איך געהאַט פון זיי. וואָרום, זאָגט מיר, זאָלט איר מיר געזונט זיין; דערויף האָב איך עס געבלוטעט, און געאַרבעט שווער און ביטער אין אַמעריקע, מיינע בעסטע יאָרן, און געשיקט קינדער אין די „קאַלעדזשעס״, אַז זיי זאָלן ווערן „ריעל עסטייט־ניקעס״, און טומלען אף דער בירזשע, ווי אף אַן עולם התוהו? כסדר זיין נערוועז, און רק דרייען דעם מח, ווי דורכצופירן נאָך אַ „דיעל״ און אָוועקשטעלן נאָך אַן „אַפּאַרטמענט״, און האָבן אין „סייף״ נאָך אַ „מאָרגעדזש״?

היינט, ווער רעדט שוין, אַ שנור, אַ איידעם — זיי האָב איך שוין גאָר קיין זכיה קיינמאָל ניט געהאַט אָנצוזען אין די אויגן . . .

בקיצור, וואָס זאָל איך אייך לאַנג אויפהאַלטן — גאָט האָט געהאָלפן, איין שלעכטער יאָר, און אַ צווייטער, און אַ דריטער — עס איז געקומען דער קריזיס „ריעל־עסטייט״ איז געפאַלן, און דער „סטאַק מאַרקעט״ האָט זיך אויך איבערגעקוליעט — מיינע קינדער, דער דאָקטאר מיטן לאָיער, האָבן געכאפּט דעם אייגענעם פּסק ווי א סך אַנדערע, מען האָט אויפגעהערט פליען אין דער לופטן, און מען איז ארונטערגעקומען אף דער ערד . . .

אודאי טוט מיר וויי דאָס האַרץ, זיי האָבן געפּטר׳ט גרויסע פאַרמעגענס, אָנגעוואוירן אַ סאַך שווערע טויזנטער, אמת, אָבער איר הערט, מיינע קינדער זענען צום שכל געקומען: צי דערפאַר, ווייל דאָרטן, אין פּענסילווייניע,

האָט מען געלעבט צו ברייט, און איצט פּאַסט זיי ניט צו וואוינען אין אַ ביליגערן אַפּאַרטמענט, ווייל קנאַקן מיט דער בייטש, און פאָרן מיט׳ן גרויסן „ראָלס ראָיס״, ווי אַמאָל, קען מען ניט . . . און אפשר האָט מען זיך טאַקע געכאַפּט, אַז אַ טאַטע, אַ מאַמע איז ווערט מער ווי געלט. סיי ווי, דער דאָקטאָר איז צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק, און איז געוואָרן מיינער אַ שכן; און דער לאָיער אויך, יאָ . . . ביידע פּראַקטיצירן דוקא צווישן אידן; און דער שוועסטער־קינדל מיינער, פון ניו־דזשערסי, האָט זיך אויך אָפּגעזוכט, ער האָט זיך אויך אָפּגעבריט, און איז ארויס נקי, יאָ, זאָל אים קיין בזיון ניט זיין . . .

איר הערט, אַז עס קומט אַ שבת, אָדער אַ יום טוב, האָב איך דאָך אַ וועלט מיט פאַרגעניגן, איך האָב זיך דערלעבט אף דער עלטער אמת׳ן נחת — עס קומען זיך צוזאַמען מיינע זין מיט די שנורן, און די טעכטער מיט די איידעמס, מיט די אייניקלאַך, אַז עס איז אַ מחיה — עס זאָל מיר נאָר ניט פאַרשטערט ווערן...

פריער איז ניט געווען אַ פרייע מינוט אויסצורעדן אַ וואָרט און אַז מען האָט געבעטן:

— קינדער, בלייבט אף וועטשערע, פאַרברייינגט אַ פּאָר שעה, וואָס איילט איר זיך?

האָט מען געקרומט מיט דער נאָז:

— עסן? מיר׳ן עסן אין רעסטאָראַן, ניטאָ קיין צייט.

איצטער, גאָט צו דאַנקען, אין רעסטאָראַן אָפּעסן, קאָסט געלט . . . און צייט איז שוין דאָ אַ סך, קומט אָן דעם טאַטן מיט דער מאַמען אַביסל לייכטער און אָפטער זיך צו זען מיט די קינדער.

איר מעגט זיך לאַכן פון מיר וויפיל איר ווילט, עס איז אמת, אַ קריזיס, אַ „דעפּרעשן״, אָבער גאָט צו דאַנקן, איך האָב אַ טרייסט: דערלעבט נחת אין די קינדער.

און אַז מיין לאָיער און דער דאָקטאָר, און מיין איידעם,
דער אַמאָליקער גרויסער שיסער, אַז אַלע קומען זיך
צענויף צו מיר אַן אַפּדערנאַכט מיט ווייב און קינדער,
און מען זעצט זיך צום טיש עסן, און נאָכן עסן איילט
מען זיך שוין ניט אַזוי ווי אַמאָל, צו אַנטלויפן אַ היים,
איז דען עמיצער צו מיר גלייך? עס איז דאָך אַ נחת . . .

# מיר איז גוט, ס׳איז אַ קריזיס!

„אַז גאָט וויל איינעם העלפן, און עס איז באַשערט אויפגעריכט צו ווערן, איז קיינמאָל ניט שפּעט, אפילו אין אַ שלעכטער צייט — אין אַ קריזיס״.

מילא, קענט איר דאָך מיך שוין ניט פון נעכטן, הא? אַ באַלעבאַטישער איד פון דערהיים, פון סניטקיוו, און טאַקע דער אייגענער איד, איך האָב דאָרטן געהייסן משה יאָסל גולקאָ, און האָב מיר געפירט מסחרים, געווען אַ „יאַיעטשניק״ (אייער־פּאַרקויפער), און אַז איך בין אָנגעקומען אַהער, האָב איך די ערשטע צייט געאַרבעט באַ יענעם, בין געוואָרן אַן אייער־„קענדלער״, און האָב זיך צוגעשלאָגן צו אַ שטיקל מסחר, טאַקע אַן אייער־געשעפט, און גאָט צו דאַנקען, ניט צו פאַרזינדיקן . . . וויפיל געלט איך האָב געבראַכט פון סניטקיוו, האָב איך נאָך אפילו איצטער, אין די שלעכטע צייטן, אין דעם קריזיס.

ווארום, לאָמיר זיך ניט נאַרן, וואָס איז, די וועלט גייט אונטער? מענטשן האָבן אויפגעהערט צו עסן, הא? אָדער עמיצער גייט נאַקעט, צי חלילה, מ׳שלאָפט אפן גאַס?

גלויבט מיר, דעם אמת גערעט, האָט אונז אַמעריקע צעלאָזן, איבערגעפירט, צעשטאָפּט די העלדזער, איז גאָרניט — טומלט מען, מ׳שרייט גוואַלד, קריזיס!

איר זענט דאָך דאַכט זיך אונזערער אַ לאַנדסמאַן, פון סניטקיוו, הא? נו, ווען איז דאָרטן ניט געווען קיין קריזיס? זאָגט מיר, ווען האָב איך, אָדער איר געהאַט טויזנטער? אָדער ווען האָבן סניטקיווער סוחרים ניט געדאַפט דרייען דעם מח אף אַ גמלת חסד, מיט וואָס צו פאָרן אפן יאַריד, און דרייען זיך מיט די וויסטע מסחרים, הא?

פאַר׳ן יאַריד האָט מען געליען אַ גמלת חסד, געהאַנדלט, גע׳מסחר׳ט, געדרייט מיט דער וועלט, געקויפט שאטינע,

חזיר־האָר, קלאָטשע, קעבעבע, אייער, ווייץ, און נאָכן יאַריד — אַ רענדל אַרויף, אַ רענדל אַראָפּ — צוריק־געגיבן דעם גמלת חסד, און ווי עס איז, גאָט צו דאַנקען, מען האָט אויסגעדרייט אַ געבעקל ברויט, חלה אף שבת, און נאַקעט, באָרוועס איז מען אויך ניט געגאַנגען. אמת, איידער מען האָט אָנגעטאָן אַ קינד אַ מלבוש, זענען די אויגן געקראָכן פון קאָפּ, ווער שמועסט, חתונה מאַכן אַ קינד, איז דאָך געווען קריעת ים־סוף, ניט אַזוי, הא? פונדעסטוועגן איז די וועלט געווען אַ וועלט, סניטקיוו האָט געהאַט קליינע קבצנים, גרעסערע, און גאָר גרויסע, נאָר אַלע האָבן געגעסן ברויט אַ גאַנצע וואָך און שבת האָט מען אין אַלע הייזער געגעסן חלה, קיינער איז ניט געגאַנגען נאַקעט, אַלע האָבן חתונה־געמאַכט קינדער מיט כלי־זמר, פון קורילאָוועץ, אָדער פון באר; נגידים האָבן אַראָפּגעבראַכט משה׳לען, אַזש פון מאָליוו, נאָר וואָס־זשע איז געווען די מעלה? ווערט איר הערן: אין סניטקיוו האָט מיין חיה געוואוסט, אַז גנעסי די נגידת׳טע איז טאַקע אַ נגידת׳טע, און חיה, משה יאָסל דעם „יאַיעטשניק׳ס״, איז חיה, און דאַרף ניט נאָכטאַנצן גנעסין.

דעריבער איז מיר אין אַמעריקע געוואָרן שלעכט; און ווייסט איר ווען? טאַקע ערשט אין די גוטע צייטן. אָט וועל איך אייך ווייזן: איך קום צופאָרן פון סניטקיוו קיין ניו־יאָרק, דאָרטן האָט די הוצאה באַטראָפן פיר קערבלאַך אַ וואָך, און חיה האָט געהייסן אַ שיינע באַלעבאָסטע; און אַז איך האָב איר געגיבן אַ קערבל אף שבת, איז געווען גאָט צו דאַנקען דערפאַר. פאַרדין איך די ערשטע צייט אין אַמעריקע צען דאָלער אַ וואָך, און גיב איר עס אַוועק מיט׳ן קאָנווערטל, און אַז איך ברייננג פופצן, און צוואַנציק, און אַרבעט זיך אַרויף אף פינף־און־דרייסיק, איז גוט און וואויל ווי די וועלט; נאָר אַז גאָט העלפט, איך גרין זיך אויס, און עפן אַ געשעפט און עס גייט אַוועק גוט, און איך שפּאָר אָפּ אַ דאָלאר אין דער באַנק, פאַרגעסט שוין מיין חיה צו זאָגן — גאָט צו דאַנקען דערפאַר — און זי הויבט

מיר אָן ווערן א גאנצע „ליידי". איז טאקע שלעכט, זער שלעכט.

אין סניטקיוו האָב איך געוואוינט אף דער „טאראַ־ווערצע", און די ציגן האָבן באַ מיר געשלעפּט דאָס שטרוי פונ'ם דאַך; און דאָ האָט זי מיטאַמאָל געוואָרפן אַן אוימ'חן אף בראָנזוויל, כאָטש עס איז שיין, לופטיק און ליכטיק — אַ חיות, און טאַקע צווישן אייגענע מענטשן. די דירה איז ביליג, לעבענסמיטל אויך ניט טייער, דאַכט זיך, ניטאָ וואָס צו זינדיקן, הא ?

אָבער, אַז איין ווייבל האָט גאָט געהאָלפן, און דער מאַן אירער האָט מצליח געווען, ער איז געוואָרן אַ „מאַנופעקטשורער" און האָט געמאַכט אַביסל געלט, דאַרף דאָך דאָס ווייבל געפינען אַ מיטל ווי דאָס געלט אויסצוברייטערן, הא? האָט דאָס ווייבל די ערשטע ארויסגעצויגן פון בראָנזוויל, אַזש קיין בראָנקס, פאָלג מיך אַ גאַנג, בסך הכל נעמט לייגנער צו שלעפּן זיך אין די בראָנקס ווי קיין בראָנזוויל. נאָר ניכיי וואָלט דאָס ווייבל אַרויסגע־צויגן, און צורו געלאָזן חיה'ן אין בראָנזוויל, ניין ! קומט זי צו חיה'ן צו גאַסט, און הויבט אָן קרומען מיט דער נאָז:

— וויפיל איז דער שיעור צו ליגן אין בראָנזוויל, חיה ? וואָס זשע, אייער משה־יאָסל מאַכט קיין לעבן ניט ? וואָס ווערט איר אויסזיצן אין בראָנזוויל ? וועלכער געשעפטס־מאַן ציט היינט ניט אין די בראָנקס ?

מער האָט חיה ניט געדאַרפט. פּלוצלינג, איך דערהער אַז חיה'ן געפעלט שוין אויך ניט בראָנזוויל, און זי רעט מיר שוין אַ שידוך:

— כ'לעבן, לאָמיר ציען אין די בראָנקס, וואָס אַרט דיך, דאָרטן איז שענער, באַקוועמער — וואָס־זשע די געשעפטן טראָגן דיר ניט ?

וואָס טויגן אייך מעשיות, איך האָב געצויגן אין די בראָנקס. האָט איר נומער איינס.

און מיינט איר נאָר דאָס, איז אַזוי: חיה'ס שכנה האָט אַריינגענומען אַ טעלעפאָן אין הויז אַריין, זאָל זי ! מיין

עסק? אין געשעפט דאַרף איך, מוז איך האָבן אַ טעלע־פאָן, אָבער אין הויז? אין סניטקיוו האָט מען געקענט אינגאַנצן אויסגעקומען אָן אַ טעלעפאָן, און דאָ מוז איך האָבן צוויי טעלעפאָנס, ניט אַנדערש, איך מוז רייך מאַכן די טעלעפאָן קאָמפּאַני, הא? אָבער אַז חיה׳ס שכנה האָט שוין אַ טעלעפאָן, קומט זי צעלויפן:

— חיה, ווען נעמט איר שוין אויך אריין אַ טעלעפאָן? ווי קענט איר עס אויסקומען אָן אַ טעלעפאָן? טאַקע נאָר ווי גרינע חיות . . .

וואָס טויג אייך מעשיות, חיה האָט אָנגעהויבן מיר רעדן אַ שידוך, אַז מען דאַרף אַריינגעמען אַ טעלעפאָן אין הויז, עס איז פּשוט אַ בזיון פאַר לייט, אין אַ הויז זאָל ניט זיין קיין טעלעפאָן. און זי הויבט מיר אָן צו גיבן שטעכווערטלאך:

— וואָס־זשע, דיך אַרט עפּעס פאַר מיר? גאַנצע טעג זיץ איך אָפּ, און האָב ניט מיט וועמען אַרויסצורעדן אַ וואָרט . . . עלנט ווי אַ שטיין, טאַקע ווי אַ גרינע חיה . . .

פאַרשטייט זשע, דאַרף מען צאָלן דירה־געלט פאַר אַ „סטאָר" אין ניו־יאָרק, און דירה־געלט מיט צוואַנציק דאָ־לאַר אַ חודש טייערער אין די בראָנקס, אַ טעלעפאָן פאַר׳ן „סטאָר", און אַ טעלעפאָן פאַר׳ן הויז. האָט איר אייך נומער צוויי.

נאָר וואַרט אויס, איר זענט נאָך ניט פאַרטיק.

גאָט האָט געהאָלפן, חיה׳ס שכנה האָט זיך פאַרגלוסט אפן זומער פאָרן אין די בערג. דאַכט זיך וואָס? ניט קראַנק, נאָר פריש און געזונט און משוגע! וואָס פעלט זומער אין די בראָנקס, בפרט אַז מען וואוינט נאָך ארום דעם פּאַרק? קומט די שכנה צעגיין מיט אַ בשורה צו חיה׳ן, און זאָגט איר: „חיה, איר ווייסט, מיין מאַן שיקט דאָך מיך אף זעקס וואָכן אין די „קעטסקיל מאָונטענס"?

— וואָס עפּעס פלוצלינג? עס פעלט אייך חלילה גע־זונט? — פרעגט חיה איבער, און די שכנה צעלאַכט זיך פון איר:

— גרינגע חיה, וואָס איר זענט? פֿאַרוואָס דאַרף מיר גאָר עפּעס פֿעלן געזונט? איך וויל פֿאָרן אין די בערג, שיקט מיך מיין מאַן אין די בערג. וואָס זשע, איך וועל זיך גיין וואַלגערן אַפֿן גראָז אין פּאַרק, מיט אַלע איטאַליענער און מיט די שוואַרצע, וואָס לויפֿן זיך אָן אַהער? נשקשה, מיין מאַן אַרבעט געווּג שווער אַ גאַנצן זומער, מעג איך זיך פֿאַרגונען כאָטש אַרויסצופֿאָרן אין די בערג אויף עטלאַכע וואָכן . . ." און אין איין וועגס, רופֿט זיך ווידער אָן די שכנה: „חיה, פֿאָלגט מיך, פֿאָרט אויך. איר וועט זיך מחיה זיין, עס וועט אייך צוקומען א שטיק געזונט." . . .

וואָס זשע קלערט איר, אַז די שכנה איז אַרויסגעפֿאָרן אין די בערג, וועט חיה בלייבן אין די בראָנקס? האָט זיך אָנגעהויבן אַן עסק מיט פֿאָרן אין די בערג. איך טענה, אַז די בערג זענען פֿאַר קראַנקע, אויסגעמאַטערטע — און געזונטע מענטשן קענען בלייבן אין די בראָנקס, און אַז מען וויל שוין גאָר, פֿאָרט מען זונטיק אַרויס צום ים, אין „קוני־איילאַנד", און חיה ענטפֿערט מיר:

— וואָס זשע ווילסטו, איך זאָל ליגן אין די בראַנקס אַ גאַנצן זומער, ביז איך וועל קראַנק ווערן, דערנאָך וועסטו מיך שיקן אין די בערג, האַ? אָט אַפּנים, דיך אַרט אַ סך פֿאַר מיר . . . אַלע פֿרויען פֿאָרן אין די בערג אויף זעקס וואָכן, אויף אַכט וואָכן, וואָס בין איך עפּעס ערגער פֿאַר אַלעמען? וואָס בין איך דיר, נאָר אַ טאָפּ אידענע פֿאַר דער קיך? איך טאָר שוין גאָר די ליכטיקע וועלט ניט אָנזען? . . .

וואָס זשע קלערט איר, איך האָב זי ניט געשיקט אין די בערג? און טאַקע אויף גאַנצע זעקס וואָכן . . . הלוואי מאַך איך עס איצטער אין אַ חודש, וואָס די בערג האָבן מיך אָפּגעקאָסט, יאָ. האָט איר אייך נומער דריי.

נו, דערנאָך האָבן דאָך „מאַנופֿעקטשורערס" אָנגעהויבן צו שאַרן גאָלד מיט לאָפּעטעס, זענען זיי דאָך משוגע געוואָרן פֿאַר וואוילטאָג, און האָבן ניט געוואוסט וואָס צו

טאָן מיט די געלט. גייט מיין שכנה׳ס מאַן, און קויפט אַן אויטאָמאָביל, און די שכנה לערנט זיך אויס טרייבן, און זי קומט צעפאָרן מיט׳ן אויטאָמאָביל און נעמט חיה׳ן פאַר אַ שפּאַציר, און אין איין וועגס רעט זי איר אַ שידוך:

— חיה, ווען קויפט איר שוין אַ מאַשין? וועלכער גע־שעפטסמאַן אין די בראָנקס האָט עס ניט קיין אייגענע מאַשין? אַז איך ווייס שוין גאָרניט ווי אַזוי איך וואָלט געקענט אויסקומען אָן דער מאַשין. איר הערט, מיר ווייזט זיך שוין אויס, אַז אָן אַ מאַשין איז מען עפּעס ווי אָן אַ האַנט; פאָלג מיך אַ גאַנג, גיי שלעפּ זיך מיט דער טראַמוויי, און שטיק זיך אין דער סאָבוויי מיט אַלע איירי־שע, אַלע שוואַרצע,״ און זי פאַרענדיקט:

— פאָלגט מיך, חיה, קויפט אַ מאַשין, איר וועט מיך אָסור שילטן דערפאַר.״ . . .

וואָס טויג איך מעשיות, די שכנה האָט צוגעשיקט דעם „אויטאָמאָביל־סיילעסמאַן״ צו חיה׳ן, און חיה האָט אים געהייסן קומען ווען איך בין אינדערהיים; און טאָמער האָט דער „סיילעסמאַן״ ניט גענוג זיינע אייגענע ניין מאָס רייד, אַף מיר אויסצורעכענען די מעלות און די נוצן פון דער מאַשין, העלפט אים חיה ארויס. דער „סיילעסמאַן״ פאַרנודעט מיך צום טויט, כאָטש איך האָב אים שוין צען מאָל געזאָגט: „איך וויל ניט קיין מאַשין״, נאָר חיה גיט אים אונטער קוראַזש . . .

— ער איז דען ניט גערעכט, איך זאָל אַזוי לעבן! ווי קען מען עס גאָר אויסקומען אָן אַ מאַשין? וועלכער גע־שעפטסמאַן טרייבט שוין היינט ניט קיין אייגענע מאַשין?״

און אַז איך נעם און בין שוין משלח דעם „סיילסמאַן״ צום צענטן מאָל, און בלייב איינגעגע׳עקשנ׳ט און זאָג אַלץ — ניין! — נעמט זיך חיה צו מיר ערשט נאָכאַמאָל, און גיט מיר אַ זאָג:

— אָבער זינט איך קען דיך, קומט מיר יעדע זאַך אָן מיט דער גרינער גאַל . . . פריער, דאַרף איך מיר אויס־ריידן דאָס האַרץ מיט דער נשמה, פּונקט ווי דיר וואָלט

צוגעקומען אַ שטיק געזונט דערפֿון. אַ שיינע מערכה האָב איך באַ דיר . . . ניטאָ וואָס צו זאָגן!״ . . .

בקיצור, חיה האָט אויסגעפּירט — איך האָב געקויפט אַ מאַשין. און מיינט איר, סתם אַ מאַשינקעלע, אַ פֿאָרדל, אָדער, ווייסיך, אַ „שעווי״, ניין; די שכנה האָט אַ „קאַ־דילאַק״, מוז חיה אויך האָבן ניט אַנדערש טאַקע נאָר אַ „קאַדילאַק״. האָט איר אייך נומער פיר.

היינט אַז מען טרייבט שוין אַן אייגענעם „קאַדילאַק״, גייט מען „שאַפּינג״. פֿריער האָט מען זיך געקויפט אַ קליידל, אָדער שיך, אין אַ געשעפט ווי אַלע קויפן — אין אַ „באַרגען־סייל״, און טאַקע אין אַ „בייסמענט סטאָר״ — אָבער אַז מען גייט „שאַפּינג״, פֿאָרט מען צו מיט דעם גרויסן „קאַדילאַק״ צו „וואַנאַמייקערס״, אינאיינעם מיט דער שכנה, און אַז די שכנה קויפט אויס אַ האַלבן „סטאָר״ און זאָגט „טשאַרזש איט״, לערנט זיך חיה אויס די אייגענע קונץ, און זאָגט שוין אויך: „טשאַרזש איט״. וואָס זשע קלערט איר, „וואַנאַמייקערס״ זשאַלעווען ניט, און שיקן געשוואָלענע „בילס״ צום צאָלן, און חיה טענה׳ט:

— וואָס זשע, דו ווילסט אַז איך זאָל נאָך טראָגן צען דאָלערדיקע קליידלאַך, ווי אין די אַמאָליקע צייטן, האַ? גיי אַריין צו „וואַנאַמייקערס״, וועסטו זען, אַז אַפילו איטאַ־ליענערקעס און שוואַרצע קויפן ניט קיין ביליגערע זאַכן פֿאַר מיר. נאָר גאָרניט, זינט איך קען דיך, פֿאַרגינסטו מיר ניט, וואָס איך לעב אף דער וועלט. אַזאַ טבע האָסטו שוין . . . וואָס דען, אַז איך וואָלט געוועזן קראַנק אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק, און דו וואָלסט געצאָלט דעם דאָקטאָר מיט דער אַפּטייק, וואָלסטו געהאַט מער פֿאַרגע־ניגן, ווי אַז איך וועל זיך אָנטאָן שיין, האַ?״

נו, איז קומט יעדן ערשטן, ווער איך פֿאַרפּלייצט מיט „בילס״ — פֿון „וואַנאַמייקערס״ און פֿון „גימבלס״ — דאָס איז פֿאַר „איוונינג גאַונס״, און דאָס איז פֿאַר היטלען, דאָס איז פֿאַר שיך, און פֿאַר אזא שמאָכטע און פֿאַר אַנאַנדער מאַנטל, און נאָך אַ קלייד און ווידער אַ פֿאָר

שיך מיט אַ היטל. און איינמאָל „גלאָווס" און אַזאַ פּאָר „גלאָווס" און אַ דריטע פּאָר „גלאָווס".

— חיה, וואָס טוסטו מיט אַזוי פיל „„גלאָווס"?

— חיה, האָסט דאָך ערשט לעצטן חודש געקויפט „גלאָווס"! גאָט איז מיט דיר, חיה.

צום סוף ווערט זי נאָך ברוגז, און צעשרייט זיך אף מיר:

— עס איז געווען אַ סייל אף „גלאָווס", האָב איך דאָך דיר געוואָלט שפּאָרן געלט. איצטער, אַז עס וועט זיין אַ סייל אף דרעסעס, וועל איך מיר קענען צומעטשן דרעסעס צו אַלע „גלאָווס"...

— נו, טאָמער וואָלסטו מיר שוין אָנגעהויבן צוציילן די פּאַסאָליעס אין טעפּל אַריין, האַ? זע נאָר פון וואָס ער מאַכט עס אַ וועזן, פון אַ „ביל" פּאַר „גלאָווס"! שעמן האָסטו זיך געמעגט, באַ מיין וואָרט!

איז מיר טאַקע זייער שלעכט, נאָר איך ווין און איך צאָל. האָט איר נומער פינף.

דערנאָך האָט די שכנה געקויפט אַ הויז, האָב איך גע־מוזט קויפן א הויז. איז נומער זעקס. און אז די שכנה איז ווינטער געפאָרן אין פלאָרידאַ, האָט חיה אויך געמוזט פאָרן.

— זומער אין די בערג, איז דיר ווינציק — טענה איך — מוז מען נאָך ווינטער פאָרן אין פלאָרידאַ אויך?

— נו, וואָס דען, אַז איך וואָלט געהאַט שלעכטע לונגען און דער דאָקטאָר וואָלט מיר געהייסן פאָרן אין דענווער, וואָלט דיר אודאי געווען בעסער, האַ? נאָר אַזוי ביזטו שוין, זינט איך געדיינק דיך . . . ענדיקט זי.

פאָרט שוין חיה זומער אין די „קעטסקילס" און ווינטער אין פלאָרידאַ, איז נומער זיבן.

היינט פאַרגעסט ניט, אַז עס איז צוגעקומען אַ נייע אָנשיקעניש אף די ווייבער: אַ „ביוטי פּאַרלאָר", און די שכנה איז דערפון געוואויר געוואָרן, און די שכנה נעמט אַ „פּערמאַנענט ווייוו", וואָס פּאַסט איר בסך הכל אַזוי

צום פּנים ווי אַ חזיר אוירנגלאָד, און מען קען חלש׳ן, קומט זי פונדעסטוועגען צו חיה׳ן, און גיט אַ זאָג:

— חיה, זע איך ניט אויס מיט צען יאָר אינגער, האַ?

און חיה טוט איר אַ טובה, און זאָגט איר:

— אַזאַ יאָר אויף מיר! טאַקע אינגער געוואָרן. טוט איר די שכנה צוריק אַ טובה, און גיט איר אַ זאָג:

— פאַר פינף דאָלאַר האָט איר אויך אַ „פּערמענענט", חיה.

דערנאָך קומט אָן עסק, מיט אַ „מאַניקור" און מיט אַ טערקישער באָד, זייט מיר מוחל, און וואָס איז מיט שפּילן „ברידזש", און „פּאָוקער", און מיט רויכערן סיגאַרעט־לאָך? און שאַט, שאַט, שעמט אייך ניט, ווייבער האָבן זיך דאָך שוין אויסגעלערנט מאַכן אַ „לחיים" אויך, ניט מער, זיי רופן עס „קאָקטייל"...

איז וואָס זשע מיינט איר, מען פאָרט צו אין אַ „קאַבאַ־רעי", אָדער אין אַ „ראָוד־האָוז", האַ? נו, פון די אַלע משוגעת׳ן, מיינט איר, אַז עס קומט מיר אריין געלט אין קעשענע, וואָס?

האָב איך אַ קוק געטאָן, אַז עס איז שלעכט, זייער שלעכט נאָר וואָס זאָל איך טאָן, מאַכן לייטיש געלעכטער, זיך גיין גט׳ן מיט דער ווייב?

אָבער אַז גאָט וויל איינעם העלפן, ווערט ער אויפגע־ריכט און ער ווייסט אפילו ניט פון וואַנעט עס איז גע־קומען. האָט טאַקע גאָט געהאָלפן, און עס איז געקומען דער קריזיס, און מיין שכנה׳ס מאַן, דער „מאַנופעקטשו־רער", האָט זיך פאַרדרייט, זיך געגיבן אַ שטעל, און איז געגאַנגען באַנקראָט; אָבער אזוי מיאוס, אַזוי פּאַסקודנע, אַז ער האָט נעבאַך פאַרלוירן וואו ער האָט געהאַט אַ דאָלער, און דאָס הויז איז אַוועק צו דעם „מאָרטגעדזשי־רער", און דער „קאַדילאַק" צו דער „פינאַנץ קאָמפּאַני", און עס האָט זיי נעבאַך אַזוי צוגעשפּילט שלעכט, אַז מיר האָבן זיך נאָך געדאַרפט שטילערייט צונויפלייגן עטלאַכע הונדערט דאָלער, און אים העלפן אַז ער זאָל ווידער אָנ־

הויבן פון „מה־טובו״, און וואָס זשע קלערט איר? אַז גאָט העלפט און עס טרעט צו אַזאַ שטיקל צייט, ליגן שוין עפּעס אין קאָפּ נאַרישקייטן — „פּערמענענט ווייווס״, מיט „מאַניקורס״, מיט טערקישע בעדער, מיט „קאַבאַ־רעיען״, מיט „ראָוד הייזער״, מיט „ברידזש־פּאַרטיס״, מיט אַנדערע משוגעת׳ן?

הכלל, ניטאָ קיין הויז, זיך צוזעגנט מיטן גרויסן „קאַ־דילאַק״, און אַז „וואַנאַמייקערס״ דערוויסן זיך פון אַזאַ חתונה, קענט איר זאָגן „טשאַרדזש איט״ פון היינט ביז מאָרגן, וועלן זיי ניט „טשאַרדזשען״ אַ פּעני . . . איז אויס „טשאַרדזש־אַקאַונט״, און דער קאָפּ איז אַזוי פאַרדרייט באַ מיין געוועזענעם שכן, אַז די שכנה דאַנקט גאָט אַז עס איז דאָ אַ פּינפּערל פאַר׳ן „בוטשער״ מיט׳ן מילכ־מאַן, ניט אָף קיין „פּערמאַנענט״ . . . און חיה זעט שוין מער די שכנה אין די אויגן ניט אָן, און גייט ארום און זאָרגט זיך:

— וואָס קומט מיר ארויס פון טעלעפאָן, אַז די שכנה האָט שוין קיין טעלעפאָן ניט...? און אַז די שכנה קומט אַמאָל, זיצט זי און זיפצט, און טענה׳ט:

— נשקשה, אין אַזאַ ביטערער צייט, קען מען ניט שטאַרבן, אַז מען טראָגט אַ פּאַר־אַ־יאָריק קליידל?... און, וואָס זשע מיינט איר, אז מען פאָרט מיטן „עלעווייטעד״, פאַלט חלילה אָפּ אַ שטיקל? און פון פלאָרידא אום ווינ־טער איז שוין אָפּגערעט.

און אַז חיה מאַכט אַ רעדע מכח פאָרן אין די „קעטס־קילס״, צע׳טענה׳ט זיך די שכנה:

— בערג . . . אויך מיר אַ ״פּלעזשור״, וואָס פעלט אין דער היים? כ׳לעבן, מען ווערט אויסגעריסן אין די בערג, מען ווערט צעבראָכן, און קיין פאַרגעניגן האָט מען ניט... אַ שאָד אין אַזאַ ביטערער צייט אויסצובריינגען אייער מאַן אַזוי פיל געלט, חיה, פאָלגט מיך . . . וואָס זשע די גלענצנדיקע געשעפטן וואָס אייער מאַן מאַכט?

און אַז די שכנה פאָרט ניט, און פליט ניט, און לויפט

ניט, זיצט חיה אויך אין דער היים; אויס לויפן מיט דער מאַשין, אויס „טשאַרזש אַקאַונט", ווינציקער היטלען, מיט מאַנטלען, שיך, מיט „גלאָווס"; אויס „וואַנאַמייקער", מיט געשוואָלענע „בילס" יעדן ערשטן; אויס פלאָרידא, אויס בערג, ניטאָ מער קיין „פערמאַנענטס", מיט „מאַניקורס". איך זאָג אייך, עס איז אַ מחיה, אָט ווי די זאַך איז, מען שלעפּט זיך דורך, מען מאַכט אַ שטיקל לעבען; איז וואָס זאָל איך אייך זאָגן — עס איז מיר גוט, עס איז אַ קריזיס . . .

# געקומענע „רעטייערן" פון יידישקייט

— איך האָב אפילו גע׳טענה׳ט: וואָס האָט איר צו מיר? וואָס איז דאָס פאַר אַ „רעטייערן"? אַז איך בין ניט קראַנק, און דאַרף ניט „רעטייערן"!

נו, זעט איר דאָך, בין איך משוגע געוואָרן און געפאָלגט דאָס ווייב מיטן דאָקטאָר, מיט מיין חזן פון דער שול, וואָס האָבן זיך אָנגעזעצט אויף מיר און ניט אויפגעהערט צו טענה׳ן אין איין קול: „איר דאַרפט און איר מוזט, און איר זאָלט „רעטייערן", און אַז איר וועט „רעטייערן", וועט איר ערשט אַליין זען ווי גוט עס איז צו לעבן אויף דער וועלט." . . .

נאָר פאַרוואָס זשע מיינט איר האָבן זיך אַלע פלוצלינג אָנגעזעצט אויף מיר, אַז איך זאָל „רעטייערן"? איז אַזאַ מעשה:

אָט ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך דאַכט זיך, הלואי אויף אַלע גוטע פריינט געזאָגט געוואָרן, ניט קיין חולה מסוכן, און דער דאָקטאָר אַליין זאָגט מיר, אַז איך דאַרף ניט קיין מעדיצין, און מעג אַלצדינג עסן, און אפילו מאַכן אַ שנאַפּס, יאָ; נאָר וואָס זשע דען, איר וועט לאַכן, איין קלייניקייט: מיטינגען. מיטינגען, זאָגט דער דאָקטאָר, איז מיין אומגליק. איך זאָל זיך ניט דערוועגן צו גיין צו קיין מיטינגען, ווי גאָט איז מיר ליב, און דאָס לעבן איז מיר טייער.

סטייטש, וועט איר דאָך מיר זאָגן: וואָס געהער זיך אָן אַ פּאַטש צו אַ גוט שבת? וואָס האָבן מיטינגען צו טאָן מיטן ביסל געזונט? איז אָבער די מעשה, פאַרשטייט איר מיך, אַז איך בין אַ ייד אַ באַלעבאָס, שוין עטלעכע־און־פערציק יאָר אין אַמעריקע, און האָב פיינט זיך צו לאָזן פירן פאַר דער נאָז, און דערצו, דאַרפט איר טאַקע וויסן,

אַז איך בין אַ ייד אַ גיבער — אויף אַ שול גיב איך, און אויף אַ מושב זקנים גיב איך אויך ברוך השם, און אויף אַ תלמוד תורה דאַרף מען גיבן, און אויף אַ בית יתומים מוז מען גיבן, און אַ ישיבה איז דאָך גאָר אַ פיינע זאַך! און אַז יידן דערשמעקן אַז איר גיט געלט, גיט מען דאָך אייך אַביסל כבוד אויך, און וועלכער ייד האָט עס פיינט כבוד? איז וואָס זשע קלערט איר? אַז מען גיט פינף הונדערט דאָלאר אויף אַ שול, וועמען וועט מאַכן פאַרן אַ „באָארד אָוו דירעקטאָר", האַ? אָדער אַז מען גיט טויזנט דאָלאר פאַר אַ מושב זקנים, וועט מען אַן אַנדערן עלעקטן אויף דער „באָארד", וואָס? היינט, אַז מען גיט צוויי טויזנט דאָלאר אויף אַ תלמוד תורה — נו, וועט מען אייך ניט מאַכן פאַר קיין „טרעזשורער"?

בקיצור, אַזוי ווי איך זאָג אייך: אין איין שיינעם טאָג האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך בין שוין דריי מאָל אַ „טראָסטי", צוויי מאָל אַ „טרעזשורער", און פינף מאָל „האָנאָרערי טשערמאַן".

בין איך דאָך אָבער אַ ייד, וואָס האָט אַ טבע זיך אויפ־צורעגן, און אַז איך נעם אַ וואָרט צעהיץ איך זיך, און אַז איך צעהיץ זיך, נעם איך זיך קאָכן; היינט אַז איך נעם אַ וואָרט, און בין שוין אויפגערעגט, הערן דאָך די אויערן ניט וואָס דאָס מויל רעדט, העלפט גאָט, און דער „טשער־מאַן" גיט אַ קלאַפּ מיטן האַמער און גיט מיר אַ זאָג אָפּ אַ פסוק:

— יור אַוט אָן אָרדער, סיט דאַון, פּליעז!

און אַן אויפגערעגטער מענטש בין איך, פאַרדריסט דאָך מיך די מעשה, און איך גיב אים אַ זאָג צוריק: „יור אַוט אָן אָרדער — יו סיט דאַון, פּליעז!"

שעמט זיך ניט דער „טשערמאַן" און גיט מיר אַ זאָג, שוין אויף יידיש:

— מיסטער מוישע, אַז איר וועט זיך ניט אַוועקזעצן שטיל, וועלן מיר אייך מוזן בעטן אַז איר זאָלט פאַרלאָזן דעם זאַל!

פויל איך זיך ניט מן הסתם און ענטפער אים: „אַט לויף איך און פאָלג אייך!"

פוילט ער זיך ווידער ניט און ענטפערט:

— מיסטער מוישע, בעסער פאָלגט יאָ, ווייל אַז איר וועט ניט פאָלגן, וועל איך אייך הייסן אַרויספירן . . ."

איצטער שטעלט זיך שוין אַליין פאָר, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן ביי דעם מיטינג: ער האָט געשריגן: „יור אַוט אָוו אָרדער", און „סיט דאַון", און איך האָב געשריגן: „יור אַוט אָוו אָרדער" און „סיט דאַון"; דערנאָך האָט ער געשריגן: „געט אַוט, אָר אַל אָרדער יו אַוט", און איך צוריק — „אַל אָרדער יו אַוט . . ." דער סוף איז געווען אַז עס האָט זיך אויפגעשטעלט אַ ייד, און אַ פּאָנפּע געטאָן אונטער דער נאָז: „קוועסטשאָן איז טייבלד, הי קענט מייק נאָ מאָושען". בין איך דאָך נאָך מער אויפגעקאָכט געוואָרן, און אַז איך נעם זיך היצן, הערן שוין ניט די אויערן וואָס דאָס מויל רעדט, שטיי איך אַזוי און רעד, און היץ זיך . . . מיטאַמאָל שטעלט זיך אויף אַ ייד און גיט אַ זאָג אָפּ אַ פּסוק:

— איך מאַך אַ פאָרשלאָג צו שליסן די זיצונג.

און אַן אַנדערער פוילט זיך ניט און גיט אַ געשריי: „אונטערשטיצט!"

און דער „טשערמאַן" גיט אַ מאָל אָפּ אַ נייעם פּסוק:

— אַ פאָרשלאָג איז געמאַכט געוואָרן און איז אונטערשטיצט, אַז מען זאָל שליסן די זיצונג, אַלע וועלכע זענען דאַפיר, זאָלן מיט יאָ באַצייכענען; דאַגעגן — קיינער ניט; די יאָ האָבן עס! אַ קלאַפּ מיטן האַמער — די זיצונג איז געזעצלעך געשלאָסן!" אַלע גיבן זיך אַ הייב פון די פּלעצער, און איך כאַפּ זיך אַז איך, איינער אַליין, שטיי, און רעד צו די בענקלעך מיט די ווענט . . .

נו, וואָס זאָגט איר, קען ניט די גאַל צעפּלאַצט ווערן?

— ווער איז דיר שולדיק — מאַכט צו מיר די ווייב איינמאָל, אַז איך קום אַהיים און דערצייל איר, ווי מען האָט געשלאָסן די זיצונג, און איך בין געבליבן רעדן

פאַר די ווענט מיט די בענקלעך — ווער איז דיר שול־דיק, אַז דו ביסט אַ נערוועזער מענטש, און אַז דו נעמסט אַ וואָרט, הויבסטו זיך אָן צו היצן, און אַז דו צעהיצסט זיך, ווערסטו אויפגעקאָכט און אויפגערעגט, און אַז דו ביסט אויפגערעגט, הערן ניט די אויערן וואָס דאָס מויל רעדט, און דו באַליידיקסט מענטשן, האַ ?״

איך הערט כאָטש, מיין אייגענע ווייב וויל מיר שוין אויך איינרעדן, אַז איך בין אומגערעכט. איך זאָג אייך, אַז מען קען פון זיי צעפּלאַצט ווערן פאַר ערגערניש . . .

ווער איך דאָך שוין אין כעס אויף דער ווייב און לויף אַרויס פון הויז. וואוהין זשע זאָל איך גיין, אַז איך האָב אַזוי פיל סאָסייעטיס מיט „מיטינגען״ ? בין איך טאַקע אַריין צו אַ „מיטינג״.

היינט אַז אָן אויפגערעגטער בין איך שוין געקומען פון דער היים, און אויף צו להכעיס, אַזוי ווי איך נעם דאָס ערשטע וואָרט און גיי עפּעס זאָגן, שטעלט זיך שוין אויף אַ ייד, און גיט אַ געשריי : „מיסטער טשערמאַן, הי איז אוט אָוו אָרדער . . .״ ניט אַנדערש, נאָר איך זאָג אייך אַ פאַרשווערונג . . . .

הכלל, אין אַ שיינעם אויפדערנאַכט, עפּעס האָב איך זיך צופיל אויפגערעגט ביי אַ מיטינג, איך קום אַהיים, די ווייב קלאָגט, די קינדער וויינען, דער דאָקטאר איז אויך אויסגעוואקסן אין מיטן דער סצענע, און מיינע גוטע פריינט מיטן חזן פון דער שול זענען אויך דאָ, כאָטש קיינער האָט ניט געשיקט נאָך זיי, און אַלע אין איין קול — ווי גאָט איז אייך ליב, איר מאַכט זיך אומגליקלעך מיט אייערע מיטינגען . . . רב מוישע, טוט אַ קלוגע זאַך — די קלוגסטע זאַך אויף דער וועלט — „רעטייערן״, „רעטייערן״, ניט אַנדערש, ווי נאָר „רעטייערן״ !!!

וויפיל איך צע׳טענה מיט זיי : איך בין ניט קראַנק, און ניט אַלט, עס איז מיר גאָרנישט. אדרבה, איך האָב ליב די שול, מיטן מושב זקנים, מיטן בית יתומים — עס איז ביי מיר דאָס חיות מיט דער נשמה, אַ שטיק לעבן —

איך האָב ליב צו נעמען אַ וואָרט, און עס קומט מיר צו אַ שטיק געזונט . . . איך דאַרף ניט און וויל ניט „רע־טייערן״!!!

רופט זיך אָן די ווייב צו מיר:

— הער זשע אויס, מוישע, אָט הערן מענטשן, אַלע אונדזערע גוטע פריינט, זאָלן זיי זיין עדות: אויב דו וועסט היינט ניט „רעטייערן״, גיי איך שוין אַוועק פון הויז, אָט די מינוט, דו הערסט, מוישע!

זאָגן די קינדער: „פּאַפּאַ, אויב דו טוסט ניט ווי די מאַמע בעט זיך ביי דיר, גייען מיר אַלע אַוועק פון הויז, און וועלן דיין שוועל מער ניט אַריבערטרעטן, דו הערסט, טאַטע, מיר וועלן גיין אַרבעטן און מאַכן אַן אָרעמען לעבן!״

איר הערט כאָטש ווערטער? מיינע קינדער וועלן מיר אָנטאָן אַזאַ חרפּת־בושה און וועלן גיין אַרבעטן? וואָס זשע, עס פעלט זיי חלילה אויף ברויט, צי אויף אַ קליידל, האַ? קומט מיין דאָקטאָר און שמעלצט מיר צו צום אי־בעריקן:

— רב מוישע, איך בין אייער פאַמיליען־דאָקטאָר, און איך פאַרשרייב אייך דאָ אַ רעצעפּט, און אויב איר ווילט נאָך לעבן אויף דער וועלט, מוזט איר אויסנעמען דעם רע־צעפּט און זיך ראַטעווען אייער לעבן מיטן געזונט״.

און איידער דער דאָקטאָר ענדיקט, כאַפּן אַלע אונטער אין איין קול, ווי אין אַ כאָר — דאָס ווייב, די קינדער, די גוטע פריינט מיט מיין חזן — אַלע אין איין אָטעם:

„ר ע ט י י ע ר ן!״

„ געפילט האָב איך, אַז מען קוילעט מיך אָן אַ מעסער; ממש, מען נעמט און מען זאָגט מיר, שונאי ציון, אָפּ דאָס לעבן; אָבער אַ ווייב איז דאָך אַ ווייב, און קינדער זענען דאָך קינדער, און צו מיין דאָקטאָר האָב איך זיך שוין אַזוי צוגעוואוינט, ווי צו אַן אייגענעם מענטשן, און דער חזן איז דאָך מיר געוויס אַ גוטער פריינט; מילא, בקיצור, איך האָב ניט געוואָלט, ניט געוואָלט, נאָר איך האָב געמוזט פאָלגן, און זיי געגעבן אַ וואָרט, אַז איך וועל „רעטייערן״.

וואָס זשע טוט מען אַז מען „רעטייערט" און מען איז פאָרט ניט קראַנק, און עס טוט קיין זאַך ניט וויי, און זיצן ליידיק בין איך ניט געוואוינט, און וואָס צו טאָן האָב איך ניט, און געלט איז דאָ אַ סך ? זאָגט דער דאָק־טאָר, איך דאַרף בייטן דעם קלימאַט, און אַוועקפאָרן קיין קאַליפאָרניע — מילא, זאָל זיין קאַליפאָרניע.

— קאַליפאָרניע — זאָגט דער דאָקטאָר — האָט נאָר לימענעס מיט מאַראַנצן, מיט פּאַלמען־ביימער, אַ שטילן ים און אַ בלויען הימל, מיט שיינע בערג, און וויטער גאָרניט . . . " דאָ קען מען זיך שוין ניט קאָכן און ניט קהל'ן, זיך ניט היצן און ניט אויפרעגן — עס איז אַ מחיה צו לעבן אין קאַליפאָרניע.

פאַרפאַלן, צוגעזאָגט „רעטייערן" איז „רעטייערן" . . . האָב איך גענומען מיין ווייב און בין מיט איר אַוועקגעפאָרן אין לאָס אַנגעלעס, קאַליפאָרניע, הייסט עס.

נו, אָפּגעזעסן אַ פּאָר טעג אין האָטעל, וועל איך זיך דאָך ניט גיין פאַרשפּאַרן אויף אייביק. נעם איך דעם אויטאָמאָביל און פאָר זיך דורך באַטראַכטן דעם יידישן געגנט, איך האָב זיך שוין פשוט פאַרבענקט נאָך יידן. פאָר איך מיר אַזוי מיט ד'עם אויטאָמאָביל דורך דעם „דאַון טאַון" ביז צו טעמפּל סטריט, און קום אָן צו אליוו סטריט, שטייט זיך אַ יידישע שול און קוקט אַרויס מיט אַ שיינעם אויפשריפט : „קאָנגרעגיישאן אליוו סט. בית ישראל", און עס גיט מיך עפּעס ווי אַ צי ביים האַרצן. איך שטעל זיך אָפּ, און וויל אַריינגיין אין שול אַריין : כ'לעבן, שוין אַזוי לאַנג ניט געווען אין קיין שול, און איך חלש שוין אַזוי צו הערן עפּעס אַ יידיש חזנ'יש שטיקעלע, אַ מין :

— הש־כי־בינו — ד' אלוק־ינו — ל־ש־לום !"

אָדער, איך ווייס, עפּעס פון ראש חודש בענטשן :

— חיים של פרנסה — אוי וויי, חיים, חיים ! — אוי וויי — חיים !"

גיט מיר מיטאַמאָל די ווייב אַ צי פאַרן אַרבל :

— מוישע! מוישע! ווי גאָט איז דיך ליב! זיץ און ריר זיך ניט פון אָרט, ווייל אַז דו גייסט אַרונטער אין שול אַריין, פאַר איך שוין אַוועק פון קאַליפאָרניע — מוישע, געדענק!" און זי פאַרברעכט בײדע הענט און הויבט אָן צו יאָמערן: „מוישע, דו מאַכסט זיך אומגליק־לעך, מוישע!"

בלײב איך שוין זיצן אין געהאַקטע וואונדן, איך ריר זיך ניט פון אָרט, און אין האַרצן קלער איך מיר: רבונו של עולם, וואָס האָט מען צו מיר? וואָס איז דאָס פאַר אַ קללה דאָס „רעטײערן"? און די װײב גיסט מיט טרערן און װײנט — פאָר שוין אַוועק פון דער שול! וואָס האָסטו זיך דאָ אַוועקגעשטעלט? ווילסט דאָ בלײבן נעבטיקן?

אַנטלויף איך שוין אַהײם. אַ סוף, זאָל זײן שטיל . . . אויף מאָרגן, מען פאָרט אין אַן אַנדער געגנט, אין װיל־שײער, דער שענסטער געגנט, העלפט װידער גאָט — פירטע און װילשײער — אַהאַ, װידער אַ שול, „קאָנגרע־גײשאָן סיני"!

אָבער די װײב זיצט און טרײבט — װײטער, פאָר װײ־טער, מוישע, דו װעסט זיך דאָ ניט אָפּשטעלן.

עטלעכע טעג שפּעטער, װײל זי פאָרן אין האָלי־װאוד. נו, זאָל זײן האָליװאוד; אָבער, איר הערט, װי אויף צו להכעיס, בלײב איך אָן „געז", און װײסט איר װאו? דוקא אויף ארגײל און הײלענד עװעניו, װאָס אַמאָל איז דאָ געװען אַ „טשוירטש", נאָר איצט איז עס „טעמפּל איזראַעל אָװ האָליװאוד" . . .

נאָר די װײב זיצט און היט מיך — דו לײג זיך נאָר ניט קײן פײגעלעך אין בוזעם, מוישע, דו װעסט ניט אַרײנ־גײן . . .

און זי טענה'ט: „איך זע דאָך שוין, אַז גאַנץ לאָס אַנ־געלעס איז פון אַלע זײטן פאַרבויט מיט שולן און מיט טעמפּלען, טו לאָמיר שוין בעסער אַרויסציען צום ים; מיר װעלן זיצן בײם ים, און אַ סוף זאָל עס נעמען!"

װעט איר מיר גלויבן, דעם ערשטן טאָג װאָס מיר ציען

אַריבער צום ים, גיי איך מיט דער ווייב שפּאַצירן ביי דעם ברעג ים, און עס נעמט ניט קיין פינף מינוט, קומט אָן אַ ייד און רופט זיך אָן צו מיר: „האָט רחמנות, פאַרדינט אַ מצוה, עס פעלט אַ צענטער צום מנין, קומט אַריין צו מנחה . . .״

מילא, האָב איך גע׳פּול׳ט ביי דער ווייב. זי איז נאָכגעגאַנגען, איז געשטאַנען אין שול ביז איבער מנחה, און מיך גלייך אַוועקגעשלעפּט פון מנין, און איידער זי האָט מיך אַרויסגעפירט, האָט זי אַ געשריי געגעבן:

— וועט זיין גענוג פאַר אַ קראַנקן יידן, וועמען דער דאָקטאר האָט אַוועקגעשיקט קיין קאַליפאָרניע צו „רעטייערן״ . . .

נאָר אַפּנים, אַז די קאַליפאָרניער שולן האָבן באַקומען מיין נאָמען און אַדרעס פון דער באַן קאָמפּאני, און אפשר גאָר פון דער באַנק, מחמת אויף מאָרגן, האָב איך באַקומען איינלאַדונגען פון אַלע שולן און פון אַלע טעמפּלען פון לאָס אנגעלעס און פון האליוואוד, און יעדע שול האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז עס פרייט זיי, וואָס איך בין אין קאַליפאָרניע, און זיי האָפן, אַז איך וועל ווערן א מיטגליד און וועל דאָ פאָרטזעצן מיין טעטיקייט, ווי אין דער היים, אין דער „איסט״ . . .

האָב איך זיך שטאַרק דערפרייט, און זיך גענומען גרייטן צו גיין צו מיטינגען, און האָב געפילט אַז עס וועט מיר צוקומען אַ שטיק געזונט . . .

עס האָט מיר גענומען אַ גאַנצן טאָג איבערצולייענען די אַלע איינלאַדונגען, און איידער איך בין פאַרטיק געוואָרן, בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ היץ־פיבער, און ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און שוין געפילט בעסער, האָט מיך די ווייב אָנגעזאָגט אַ בשורה:

— מוישע, דאַנקען גאָט, מיר זענען שוין פּטור געוואָרן פון קאַליפאָרניער שולן אויך. מעגסט שוין זיין רואיק, גאָט צו דאַנקען, מיר זענען אין מעקסיקאָלי — אין פיבער, האָט מען אונדז איבערגעצויגן אין אַ קליין

שטעטל אין מעקסיקא — ניטאָ קיין שולן, מיט קיין טעמ־פּלען, מיט קיין רבנים; דאָ איז ניטאָ אפילו קיין מנין, קיין חזן, קיין רעווערענד, מוישע. דאָ וועט זיין אַ מחיה צו „רעטייערן״.

ווי איר קוקט מיך אָן, שווער איך אייך ביי מיין לעבן, וואו איך האָב ערגעץ אַ שונא, ווינטש איך אים ער זאָל איבערקומען אויף מיינע צרות, אַז דאָס ווייב מיט די קינדער, מיט דעם דאָקטאר, מיט אַלע גוטע פריינט, זאָלן אים נאָר טאָן, וואָס מען האָט מיר געטאָן — צווינגען צו „רעטייערן״ — וועט ער מיר צו גלויבן קומען . . .

אוי, „רעטייערן״ פון יידישקייט!!!

# מיליאָנערן

— קריזיס, האַ? שלעכטן צייטן? איר ווײנט אויך אויפן קריזיס? וואָס זשע, פאַרן קריזיס איז אייך געווען בעסער? אייערע פאַבריקן מיט די הייזער וואָס איר האָט פאַרלוירן? גייט שוין גייט, איר האָט פריער געשריבן מעשיות און געלאַכט פון דער וועלט, און וואָס פעלט אייך איצטער?

פרעגט מיך, רעדט מיט מיר, וועל איך אייך ווייזן ווער עס דאַרף ווײנען. איר קענט דאָך מיך, האַ? היינט הייס איך באָריס וואָטערמאַן, אָבער איר געדענקט דאָך מיך נאָך ווען איך האָב געהייסן בערל וואַסערמאַן, און גע־האַט אַ פאַבריק פון מאַטראַצן. איי, ווען איך וואָלט נאָך היינט כאָטש געהאַט מיין אייגן שטיקל „פעקטאָרי" און זיך געקענט דרייען, וואָלט איך דאָך געלאַכט פון דער וועלט . . . נו, גיי זשע ווייס, וואָס ס'איז דיר באַשערט דורכצולעבן, מיטצומאַכן אין איין יאָר. איך בין דאָך שוין געווען אַ מיליאָנער! אַ מיליאָנער — יאָ, יאָ, ווי איר קוקט מיך אָן — פאַראַיאָרן אין דער צייט, האָט מען דאָך מיך געשאַצט אין אַ מיליאָן דאָלאַר, אַ האַלב באָראָ פּאַרק האָט געהערט צו מיר מיט מיין זון, אייזיקן. איר געדענקט דאָך מיין אייזיקן . .. איר הערט, אוי, ווען ניט מיין אייזיק, וואָס האָט אויף זיך אַ קאָפּ פון אַ מי־ניסטער, ווען מיין אייזיקן זאָל זיך ניט געווען פאַר־גלוסטן צו מאַכן פון מיר אַ מיליאָנער, וואָס וואָלט מיר היינט געפעלט? איך וואָלט דאָך געלאַכט פון דער וועלט מיטן קריזיס, מיט דער „דעפּרעשאָן" — איך וואָלט דאָך שוין היינט געווען געקענט זיין אַ ייד אַ באַלעבאָס — די דירה אַן אייגענע, די מאַשינען אין דער פאַבריק אויס־געצאָלטע . . . וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר, וואָס דער אייזיק האָט פון מיר געמאַכט? גיט אַ קוק, ווי

איך זע אויס . . . גרוי, אַלט, צעקנייטשט, חושך . . . היינט וויפיל געזונט האָב איך פאַרלוירן, ביז, גאָט צו דאַנקען, איך האָב זיך צוריק צוגעוואוינט צו דעם געדאַנק, אַז — גייט עס צו אַל די גוטע יאָר, איך האָב אין דער ערד די געשעפטן, מיט די „לאָטס", מיט די „מאָרטגעדזשעס", מיט די מיליאָנען אינאיינעם . . . אָבער וויפיל האָט מיר געפעלט, אַז איך זאָל אינגאַנצן גיין פון דער וועלט פאַר דער צייט, האַ? איר שפּילט זיך עפּעס מיט אייזיקן? איר ווייסט אין וואָס פאַר אַ צרות, אומגליקן ער האָט עס מיך אַריינגעשלעפּט איבער זיינע פליענדיקע געשעפטן, מיט דעם וואָס עס האָט זיך אים געוואָלט אַז מיר זאָלן ווערן מיליאָנערן?

וועט איר הערן.

מילא, ווייסט איר דאָך, האָב איך זיך אָפּגעפּלאָגט אין נויאָרק צוואַנציק יאָר, ביי מאַטראַצן — פריער האָב איך געניית ביי יענעם, און ניט נאָר איך, נאָר די ווייב מיינע אויך. דערנאָך האָט גאָט געהאָלפן, און איך האָב צונויפגעשלאָגן אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר, געעפנט אַ געשעפט פאַר זיך, און אַז איך האָב געעפנט דאָס געשעפט פאַר זיך, האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן מיינע ריכטיקע צרות. איר ווייסט דאָך, מיט ווינציק קאַפּיטאַל, די קאָנקורענץ איז גרויס, און אַז מען האַלט עטלעכע אַרבעטער מוז מען זיי דאָך אַלע שבת צאָלן „פּיידע"! נו, דרייט מען מיט דער וועלט, אַ מעשה מיט אַרויסגעבן „טשעקס" שבת, און מיט דאַרפן זיי גוטמאַכן מאָנטיק אינדערפרי. איז אַזוי:

„בילס" פאַר „וואַרע", „פּיידע" פאַר די אַרבעטער, און די „סיילסלייט" דאַרפן אויך עסן, און איידער מען קוקט זיך אום, דאַרף מען שוין ווידער צאָלן „בילס", און ווידער „פּיידע" פאַרן „שאַפּ", און נאָכאַמאָל די „סיילסלייט", און אַז עס קומט צו דער אייגענער ווייב און קינדער, כאַפּ איך אַ קוק אויפן „טשעק"-ביכל, וויזט דער „טשעק"-בוך אַז מען איז שוין דערונטער . . . וואָס זשע קלערט

איר? עס איז גוט, האַ? טענה׳ט טאַקע נעבעך די ווייב:

— ווען דו ביסט ניט געווען קיין פאַבריקאַנט און דו האָסט געאַרבעט ביי יענעם, האָבן מיר דאָך געהאַט מערער ווי איצטער, אַז דו ביסט אַ מאַנופעקטשורער? — און רייזעלע, אַ טאָכטער, וואָס גייט שוין אין „היי־סקול", ווײנט און טענה׳ט, אַז עס איז איר אַ בזיון פאַר די מייד־לעך אין „היי־סקול" און פאַר דער „טיטשערין", אַז אַלע טאָג מוז זי קומען אין דעם זעלבן קליידל. נאָר איר קענט דאָך מיך, איך וויל ניט איינרייסן די וועלט, און קלער מיר: עס וועט זיך איבערדרייען, די צייט וועט ווערן בעסער, מען וועט זיך ווי עס איז אַרויספאַרבעטן.

און עס האָט טאַקע געהאָלטן דערביי. ביסלעכווייז האָב איך איינגעצאָלט אויף אַ הויז און אַריינגענומען נאָך עט־לעכע מאַשינען, אַוועקגעזעצט נאָך עטלעכע „הענט", דאָס געשעפט וואַקסט, און עס האַלט אויף אַ דרך. דאַכט זיך גוט, האַ? האָט זיך אָבער מיין אייזיקן פאַרגלוסט צו מאַכט פון אונדז מיליאָנערן, וועט איר שוין באַלד הערן:

העלפט גאָט, אייזיק האָט געענדיקט „היי־סקול", און ער שטעלט זיך אַוועק טאַקע מיט מיר אין מאַטראַצן־געשעפט. דאַרפן דאַרף ער זיין אַ „שיפּינג קלערק", אַרויסשיקן די „אָרדערס", אָבער ער איז דאָך אייזיק, אַ ברען אַ יונג, אַן אָפּענער מח, איז ער פול אין אַלע לעכער — הויבט ער אָן קויפן „וואַרע" און זאַפּאַסעוועט זיך . . . ער האָט מורא פאַר אַ יקרות.

טענה איך מיט אים: אייזיק, וואָס דאַרפסטו פינף הונ־דערט שטיקלעך „וואַרע", אייזיק? וואָס זשע, אין אַ חודש אַרום וועט מען דיר ניט פאַרקויפן, אייזיק? טענה׳ט ער:

— אין אַ חודש אַרום וועט ווערן טייערער. וואָס אַרט דיך, פאַרלאָז זיך אויף מיר!"

מילא, האָב איך אים געפאָלגט. און וואָס קלערט איר? עס איז ניט אַרויף קיין זעקס סענט אויפן „יאַרד"? יאָ,

און אייזיק שפרינגט אין דער לופטן, און פרייט זיך: —
האַ, פּאַפּאַ, ווער איז אַ סוחר? וואָס זאָגסטו איצטער?
זע איך דאָך אַז ער ווייסט טאַקע, גיב איך אים אַ פרעג:
אייזיק, ווי אַזוי קומסטו צו טרעפן אַזוי גוט דעם „מאַרקעט״?
לאַכט ער פון מיר: — פּאַפּאַ, דו ביסט אַ גרינער,
דו ווייסט ניט וואָס „מאַרקעט״ איז. איך בין אַלע טאָג
אויפן „סטאָק עקסטשיינדזש״, און איך זע וואָס דאָרטן
טוט זיך. מיש זיך ניט, פּאַפּאַ!

בקיצור, איידער איך האָב זיך אומגעקוקט, איז מיין
אייזיק אַזוי פאַרקאָכט געוואָרן אויפן „סטאָק עקסטשיינדזש״,
און אַלץ וואָס איך האָב נאָר געהערט, איז אַז עס פאַלט
... און עס הויבט זיך ... און אָט פאַלט עס ווידער ...
און אָט האָט זיך עס ווידער געהויבן ... און עפּעס אַ
ניי לשון, אַ מאָדנע שפּראַך האָב איך דערהערט פון מיין
אייזיקן. דאַכט זיך, ער מאַכט דאָך גאָר מאַטראַצן, האַ?
מיטאַמאָל האָט ער שוין אַן עסק מיט קופּער, און מיט
בליי, מיט ווייץ, און מיט „דזשענעראַל מאָטאָרס״. ער
קויפט, און ער „טריידעט״, ער האַנדלט און בייט, און
פאַרקויפט — אַ מעשה מיט „מאַרדזשינס״, איך זאָג אייך,
איך ווייס גאָרניט, וואו האָט ער דאָס געזען? פון וועמען
האָט ער זיך אויסגעלערנט די אַלע שטיק? און אַלעמאָל
הער איך נאָר פון אים:

— סעי, פּאַפּאַ, מיר וועלן נאָך ווערן מיליאָנערן, דו
וועסט זען!

בעט איך זיך אפילו ביי אים: — אייזיקל, וואָס טויגן
מיר מיליאָנערן? מיינע אבות אבותי זיינען קיין מי־
ליאָנערן ניט געוועזן, און איך דאַרף עס אויך אויף אַ גו־
טער כפּרה. טו מיר אַ טובה, אייזיק, הער אויף צו זיין
פאַרקאָכט אין די „סטאָקס״. צו וואָס דאַרפסטו דאָס?
געשעפט גייט גוט, מען מאַכט שוין אַ לעבן, די דירה
צאָלט זיך צוביסלעך, די פאַבריק אַרבעט — בעסער נעם
די עטלעכע דאָלאַר און לייג אַריין אין באַנק, און מיר
וועלן פאַרגרעסערן דאָס פאַבריקל, און צושטעלן נאָך

עטלעכע מאַשינען, אַריינגעמען נאָך עטלעכע „הענט", וועט זיין פרנסה בריות.

צעלאַכט ער זיך פון מיר, און כאַפּט אַרויס אַ הויפן מיט הונדערט דאָלאר „בילס" פון קעשענע, און לייגט מיר אַוועק אויפן טיש, און זאָגט: — פאַרוואָס זשע זאָגסטו ניט, אַז דיר פעלט געלט. דאַרפסט געלט? וויפיל אַ שטייגער דאַרפסטו? נאַ, אָט האָסטו דריי טויזנט דאָלאר, וועט דיר זיין גענוג?

— אייזיק, ווי קומט צו דיר אַזוי פיל געלט, אייזיק? מיר האָט דאָך היינט געפעלט זעקס דאָלאר, גוט צו מאַכן אַ „טשעק", און ער טראָגט זיך אַרום מיט טויזנטער אין די קעשענעס . . .

— דאָס האָב איך היינט געמאַכט אויפן „סטאָק עקס־טשיינדזש", ענטפערט ער, און שמייכלט. „עס איז אַרויף צוועלף „פּאָינטס" אויף מיינע „שערס", האָב איך „איינ־געקעשט".

איר הערט אַ לשון? „צוועלף פּאָינטס", „איינגעקעשט" . . . מילא, גאָט צו דאַנקען דערפאַר.

מיטאַמאָל הויבן מיר אָן קומען בריוו שוין ניט — וואַסערמאַן, נאָר וואָטערמאַן . . . וויל איך זיי צוריקגעבן דעם בריוונטרעגער, נאָר אייזיק לאַכט: — סעי, פּאַפּאַ, דאָס איז פאַר אונדז . . . דו פאַרשטייסט, מיר זיינען שוין ניט — וואַסערמאַן, נאָר — וואָטערמאַן, דו הערסט? מיר הייסן שוין וואָטערמאַן . . . איך האָב געביטן דעם נאָמען . . . עס איז שענער פאַר די „ביזנעס" . . . כאָטש, אַז איר וועט רעדן מיט מיר, איז האָקט מיך און בראָקט מיך, קען איך ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס וואָטערמאַן איז בעסער צו די „ביזנעס" ווי וואַסערמאַן . . . נאָר פאַר־פאַלן — ער האָט דאָך שוין געביטן . . . זאָל זיין אַזוי . . .

דערנאָך העלפט גאָט, און עס יאַוועט זיך אַ קונה, און וויל קויפן די „פעקטאָרי". פאַר דער חורבה אויף דער „פעקטאָרי", האָבן מיר איינגעצאָלט צוועלף הונדערט דאָלאר, און מיר האָבן אין איר שוין געהאַט עפּעס אַ

דריי טויזנט דאָלאַר אָנגעצאָלט. קומט אַ קונה, און וויל גיבן צען טויזנט דאָלאַר, און טאַקע „קעש״ געלט. דאַכט זיך גוט, האַ? כאַפּ איך זיך אָן מיט ביידע הענט, און בין שוין מוכן ומזומן אונטערצושרייבן, און פאַרקויפן. פאַלט אַריין אייזיק אין דער לעצטער מינוט, און כאַפּט ביי מיר אַרויס די פּען פון האַנט, און גיט אַ געשריי:
— סטאָפּ! כאַפּ ניט! וואָס איז די איילעניש? צען טויזנט? פאַרוואָס עפּעס ניט קיין צוואַנציק טויזנט? אַז עס איז ווערט פאַר יענעם, איז עס פאַר אונז ווערט מער״ . . .

— אייזיק, ביסט משוגע געוואָרן? וואָס רעדסטו, צוואַנציק טויזנט דאָלאַר, עס קאָסט דאָך אונדז אינגאַנצן פיר טויזנט דאָלאַר, וואָס ווילסטו, אייזיק?

כאַפּט זיך אייזיק צו דער קעשענע, און שלעפּט אַרויס אַ „טשעק״־ביכל און גיט זיך אַ זאָג: „אָבער, ווייסטו וואָס? נאַ דיר אַ „דעפּאָזיט״ מיט אַן „אָפּשען״ אויף צוועלף טויזנט דאָלאַר, און ביז דרייסיק טעג גיב איך דיר די „קעש״ פאַר דער „פּראָפּערטי״, און הער זיך אויף איילן צו פאַרקויפן . . . איז דיר שוין גוט, פּאָפּאַ? — און ער שמייכלט, אַזוי ווי ביי אים וואָלט געלעגן די גאַנצע „קעש״ אין באַנק, און ער איז עס זיכער, אַז די „פּראָ־פּערטי״ איז ווערט מערער.

פאַרשטייט איר דאָך, אַז איך האָב שוין ניט פאַרקויפט; איז מען טאַקע אין אַ וואָך אַרום געקומען און געבאָטן צוואַנציק טויזנט. האָט זיך אייזיק ווידער איינגעשפּאַרט: „ניט פאַרקויפן!״ ער האָט גע׳טנה׳ט, אַז מען גיט צוואַנ־ציק, איז עס ווערט אַ סך מערער . . . זאָג איך אייך, איך האָב געמיינט ניט אַנדערש, נאָר דער בחור איז משוגע געוואָרן. וואָס הייסט ניט פאַרקויפן, אַז מען גיט אַזוי פיל געלט!

פוילט זיך ניט מיין אייזיק און עפנט מיר אַ צייטונג און ווייזט מיר: — נאַ, דו זעסט, דאָ, וואו אונדזער פאַב־ריק שטייט דאַרף מען בויען אַ „סאָבוויי״ . . . פאַרשטייסט? די „קאָמפּאַני״ מוז האָבן אונדזער שטיקל פּלאַץ, דאָס

שטיקל „לאָט", פאַרשטייסט? און אַז דו ווערסט האָבן צייט, און ניט פאַרקויפן, זענען זיי ניט קליין צו באַצאָלן הונדערט טויזנט דאָלאר . . . פאַרשטאַנען, פּאַפּס?

אַז איך האָב דערהערט — הונדערט טויזנט דאָלאר — איז נאָר אַ נס וואָס איך בין ניט אַוועקגעפאַלן אין חלשות. וואָס טויגן אייך מעשׂיות, אייזיק האָט ניט געלאָזן פאַרקויפן; און ווייסט איר וואָס נאָך ער האָט געטאָן? ער האָט גאָר אָנגעהויבן אויפקויפן די חורבות אויפן גאַנצן „בלאָק", און דערצו איז ער נאָך אַליין געווען דער אַגענט — אַזוי האָט עס געהייסן — ער האָט נאָך אַליין באַקומען פינף פּראָצענט „קאָמישן" פון יעדער חורבה.

און איידער וואָס — ווער — ווען, מיין אייזיק איז שוין אַ „בראָקער", אַ „ריעל עסטייטניק" — ער קויפט הייזער, „סטאָרס" און אַלץ אויף פּאַרסייט סטריט און אויף עסעקס סטריט, און די „קאָמפּאַני" שלאָגט אים אָפּ די טירן, מען גיט שוין ניינציק טויזנט דאָלאר פאַר מיין חורבה, און אייזיק פאַרקויפט ניט, אייזיק האַלט אין איין שרייען:

— פּאַפּס, מיליאָנערן! מיר וועלן ווערן מיליאָנערן . . . און מיר וועלן קריגן פון דער „קאָמפּאַני" מיליאָנען פאַר דעם „בלאָק" . . . אַנדערש וועט די „קאָמפּאַני" די סאָבוויי ניט בויען . . .

און וואָס מיינט איר? ער האָט ניט אויסגעפירט? יאָ, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן, אייזיק האָט באַקומען אַ מיליאָן און אַ האַלב פאַר דעם „בלאָק", און אין אַלע צייטונגען האָט מען געשטעלט זיין בילד, ווי אַ יינגל פון דער „איסט סייד", האָט אויסגעקויפט די הייזער און דערנאָך זיי פאַרקויפט צו דער „קאָמפּאַני" פאַר אַ מיליאָן און אַ האַלב, און וואו מען איז נאָר געשטאַנען און געגאַנגען, האָט מען גערעדט פון אייזיק וואַטערמאַן . . .

— נו, איצט — זאָגט אייזיק — וועלן מיר ערשט מאַכן געלט . . . און ער האָט אָנגעהויבן קויפן „לאָטס" און בויען הייזער — איז געוואָרן אַ „בילדער" אין בראָנקס פּאַרק, און האָט זיך אַוועקגעשטעלט בויען גאַנצע „יו־

ניטס" . . . צוויי הונדערט "פלעטס", דריי הונדערט "פלעטס", און אויפן "סטאָק מאַרקעט" האָט זיך אייזיק אויך צעלאָזן און גענומען קערן וועלטן . . . און אַז איך האָב אים געזען זיצן מיט די פיס אויפן דעסק, מיטן בליי־פעדער אין האַנט, און פירן חשבונות, זעקס הונדערט טויזנט, צוועלף הונדערט טויזנט, אַ מיליאָן, צוויי מי־ליאָן, האָב איך געהאַלטן אין איין ציטערן: רבונו של עולם, ער זאָל זיך נאָר חס ושלום ניט פאַרדרייען . . . ווער ווייסט, וואָס עס קען אַמאָל פּאַסירן? . . .

— פּאַפּס, גענוג געזעסן ביי די מאַטראַצן! — האָט ער מיר איין פרימאָרגן אַ זאָג געגעבן, און האָט געכאַפּט און אויפגעגעבן דאָס געשעפט, און מיר געמאַכט אַ חשבון — אַז אפילו איך זאָל נאָר אַרומגיין און "קאָלעקטן" די "רענט" פון די אַלע הייזער, וואָס האַלטן אין פאַרטיק ווערן אין באָראָ פּאַרק, וועל איך אויך האָבן מער ווי פון מיינע מאַטראַצן . . . "היינט — טענה'ט אייזיק — ביסטו דאָך אַ גלייכער שותף צו די געשעפטן!" האָב איך אים געפאָלגט און געשלאָסן די פאַבריק. כ'לעבן, וואָס דאַרף איך די מאַטראַצן, האָב איך געטראַכט, אַז אייזיקס קרעדיט איז גוט. ער דאַרף געלט, גייט ער אַריין אין באַנק, שרייבט אונטער דעם נאָמען, טראָגט מען אים אַנטקעגן אוצרות מיט געלט . . .

בקיצור, אין איין שיינעם פאַרנאַכט, האָב איך געכאַפּט אַ קוק אויף מיין אייזיקן, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן:

— אייזיק, ווי איז מיר, דו פילסט עפּעס ניט גוט, האַ?

— עס "פאַלט" . . . פּאַפּס, די "סטאָקס" פאַלן . . . און "ריעל עסטייט" פאַלט . . . די באַנק האָט זיך צור־געשלאָסן און דאָ רייסט מען דעם טעלעפאָן: דאָס זענען די "בראָקערס" . . . זי ווילן געלט — מען זאָל צוטראָגן נאָך געלט, אַ מעשה מיט "מאַרדזשין"; און אייזיק זאָגט מיר: — פּאַפּס, גיב מיר נאָר אַ "טשעק" אויף וויפיל געלט דו האָסט אין דיין באַנק, אויף עטלעכע טעג, ביז

דער „מאַרקעט" וועט זיך ווידער אויפהויבן . . . וואָס זשע קלערט איר, האָב איך אים דערלאַנגט דאָס „טשעק"־ביכל, און אים אַ זאָג געטאָן: — נעם, צי אונטער דעם באַלאַנס, און וויפיל דו דאַרפסט, נעם דיר . . .

צוויי טעג שפּעטער, אייזיק איז גרין און געל . . .

— וואָס איז שוין ווייטער, אייזיק?

— עס פאַלט . . . דער „מאַרקעט" פאַלט . . . אַלע „סטאַקס" ברעכן צוזאַמען . . . מען דאַרף געלט. פּאַפּס, גיי נאָר אַרויס צווישן די לאַנדסלייט, פריינט — גיי, ברענג מיר אַזוי פיל געלט וויפיל דו קענסט נאָר קריגן. פרעג ניט, פּאַפּס, רעד ניט, גיי גיכער, און טו וואָס איך זאָג דיר . . .

און איך בין געגאַנגען, קרעדיט האָב איך נאָך געהאַט . . . און איך האָב געכאַפּט ביי דעם פינף הונדערט, ביי יענעם טויזנט, צוויי טויזנט, און איך האָב אים געבראַכט פרישע פינף טויזנט דאָלאַר פון גמלת חסדים, אויף אַ וואָך, צען טעג, און האָב געמיינט, אַז מיט דעם האָב איך אים שוין געראַטעוועט . . .

וואָס טויגן אייך מעשיות, אַלע טאָג האָב איך פון אונ־טער דער ערד געבאָרגט געלט, און אַלע טאָג איז עס איינגעזונקען געוואָרן אויפן „סטאַק מאַרקעט" און אין די הייזער, די „פלעטס", מיט די „אַפּאַרטמענטס" אין באָרא פּאַרק.

דער סוף איז געווען, אַז עס איז ערשט דערנאָך גע־קומען דער גאָר גרויסער קראַך, און אייזיקס שערס אויפן „סטאַק מאַרקעט" זענען אָפּגעווישט געוואָרן, און האָבן מיטגעשלעפּט די הייזער, מיט די „פלעטס", מיט די „אַפּאַרטמענטס", און אייזיק איז אַוועק אין אַ סאַנאַ־טאָריום, זיך אָפּרוען. דער דאָקטאר האָט אים פאַרבאָטן

צו בלייבן אין נויאָרק . . . אויב ער וויל לעבן אויף דער וועלט . . .

---

און איך אַליין ?

איך אַליין, בין דאָך ווערט געווען אויף מיין חלק „פּראָפיט“ אַ קיילעכדיקן מיליאָן דאָלאַר אין „קעש“ . . .

נו, רעדט איר פון אַ קריזיס ? איר ווייסט אויך וואָס ”דעפּרעשן“ איז ? וואָס האָט איר פאַרמאָגט, און וואָס האָט איר פאַרלוירן ?

אייזיק איז צוריק אַ „שיפּינג קלערק“ ביי יענעם ; און איך, דאַרף אויף דער עלטער ווידער זיצן ביי דער מאַשין און נייען מאַטראַצן . . .

איי, מיליאָנערן . . . אין דער ערד זאָלן גיין די גליקן, מיט דער גאַנצער „פּראָספּעריטי“, וואָס פאַרדרייען אַלעמען די מוחות און מאַכן אומגליקלעך די וועלט . . .

וואו איך האָב נאָר ערגעץ אַ שונא, ווינטש איך אים ניט, ער זאָל איבערלעבן דאָס, וואָס עס דאַרף איבערלעבן אַ ייד, וואָס האָט זיך פאַרן קריזיס גערעכנט צווישן די מיליאָנערן . . .

## גאָט צו דאַנקען, ער מאַכט אַ לעבן

אַלע מאָנטיק און מיטוואָך פלעגט קומען דער ייד צו מיר אין רעדאַקציע, איך זאָל אים טאָן אַ טובה, און אים גיבן אַן עצה, ער האָט אַ ווייב מיט זעקס קינדער און דאַרף פרנסה.

— וואָס וויל איך דען? איר מיינט איך וויל אַ סך? אויטאָמאָבילן מיט שאָופערן? ניין, איך וויל ברויט מיט פוטער פאַר מיין ווייב און קינדער.

— דאָס איז ניט צופיל פאַרלאַנגט — שטים איך איין, פונקט ווי עס וואָלט געלעגן אין מיינע הענט, איך זאָל צוגיין אַלע וואָך צו דער שאַפע, אָדער עפענען אַ טיש־קעסטל און זאָגן: נאַ, אָט האָסטו דיר פאַר היינטיקער וואָך ברויט מיט פוטער, פאַר ווייב און קינדער. אין אַ וואָך אַרום וועסטו קומען, וועל איך דיר גיבן נאָך . . .

— אַ יאָ, ניט קיין סך? — פרעגט איבער דער ייד, מיט אַ לעקעשעוואַטן אָנשטעל, אַז עס איז אַ רחמנות אַ קוק טאָן אויף אים.

— געוויס, ניט קיין סך. יעדער ייד האָט געמעגט האָבן ברויט מיט פוטער פאַר זיין ווייב און קינדער — ענטפער איך אים.

— נו? — פרעגט דער ייד מיט אַן אָנשטעל, ווי איי־נער רעדט: לאָמיך זשע דאָס זען!

— וואָס, נו? — פרעג איך אים איבער.

— אָבער אַז עס פעלט מיר ניט נאָר ברויט מיט פו־טער, ווי איז דער דין, אַז איך האָב קיין רענט אויך ניט, און אַז די ווייב און קינדער האָבן ניט קיין העמד אויפן לייב, און קיין שיך און זאָקן אויך ניט, און עס קומט שוין דעם גראָסערי מאַן פאַר צען וואָכן, האַ?

— שלעכט, זייער שלעכט — שטים איך איין מיט אים — גאָר ניט גוט!

שטייט דער ייד איבערגעבויגן לעבן מיין שרייב־טיש, פיל איך אַז איך וועל שוין אַזוי גיך פון אים ניט פּטור ווערן. זאָג איך צו אים: — איז וואָס זשע ווילט איר פון מיר? . . .

— וואָס הייסט וואָס איך וויל? וואָס זאָל איך וועלן? איך וויל אַן עצה.

— אַן עצה איז נאָך ניט אַזאַ שווערע זאַך — שמייכל איך.

— ווערט אַ מלמד. לערנט יידישע קינדער — ווייס איך . . . לעזן, שרייבן, דאַווענען — אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער וועט איר מאַכן!

דאַנקט ער מיר אָפּ זייער שיין — איר זענט טאַקע גע־רעכט, איך רעכן אַז מען דאַרף ווערן אַ מלמד, אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער, וועט מען מאַכן. — און ער געזעגנט זיך; און איך טראַכט מיר: גאָט צו דאַנקען, ער וועט שוין מאַכן אַ לעבן.

עטלעכע טעג שפּעטער, ער איז שוין ווידער דאָ.

און פּונקט ווי פריער: „וואָס וויל איך דען? אַן אויטאָמאָביל מיט אַ שאָופער? אייגענע הייזער מיט פּאַ־לאַצן? אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער פאַר ווייב און קינדער!"

טו איך אים ווידער אַ טובה און לייג צו:

— דאָס איז ניט קיין סך. דאָס אַלעס? ברויט מיט פּוטער, מעגן אַלע יידן האָבן פאַר ווייב און קינדער . . .

האָט ער הפּנים שוין אַן אויסגעלערנט לידל אויף אויסנ־ווייניק, און ער לייגט מיר ווידער צו דעם וויינענדיקן ניגונ׳דל:

— נו? ווי איינער רעדט: וואו זשע נעמט מען ברויט מיט פּוטער? און ער זינגט מיר אַ לידעלע:

— אַז בסך הכל קרענקט די ווייב צוביסלעך, און אַלע טאָג דאַרף מען טראָגן אַ דאָלאַר אין אַפּטייק אַריין, און דער דאָקטאַר וויל אויך אַמאָל זען אַ דאָלאַר. יאָ, און עס קומט שוין פאַר דריי חדשים „גראָסעריס" . . .

— וואָס איז געוואָרן פון אייער מלמדות? — פרעג איך אים.

— וואָס איז געוואָרן, פרעגט איר? — גאָרניט, מען צאָלט ניט. איך לערן, אָבער קיין דאָלאַר שכר לימוד קען מען ניט דערלעבן צו זען . . .

— בקיצור — זאָגט דער ייד — איר מוזט מיר גיבן אַן עצה. איך דאַרף ברויט מיט פוטער, און איך מוז פטור ווערן פון דעם מלמדות.

— אַן עצה, איז נאָך ניט אַזאַ שווערע זאַך, טראַכט איך — ווייסט איר גאָר וואָס, ווערט גאָר אַ „רעוורענד". עס מאַכט זיך אַמאָל אַ חתונה, אַמאָל אַ ברית, אַמאָל אַ לויה — אַ שטיקל ברויט מיט פוטער וועט איר מאַכן פאַר ווייב און קינדער — רעד איך אים איין, און ער לאָזט זיך איינרעדן.

— איך רעכן אַז עס איז אַ גאַנץ קלוגע זאַך — שטימט ער איין מיט מיר, און ער גייט זיך אַוועק. דאַנק איך ווידער גאָט — ער וועט שוין מאַכן אַ לעבן.

גייט אַוועק אַ פּאָר וואָכן, מיין ייד איז ווידער דאָ.

— שוין פּרובירט זיין אַ רעוורענד אויך — זיפצט ער — איז אויף מיין מזל האָבן אַלע יידן זיך אַרויסגעצויגן פון דעם יידישן געגנט, און זענען געוואָרן יאַהודים, דאַרף מען שוין ניט קיין רעוורענד . . . און וואָס וויל איך דען — אַן אויטאָמאָביל מיט אַ שאָופער, הייזער מיט פּאַלאַצן, ברילליאַנטן מיט דימענטן? איך וויל דאָך מער ניט ווי אַ שטיקל ברויט מיט פוטער פאַר ווייב און קינדער? און ער פאַרענדיקט ווי אַלעמאָל מיט אַ וויינענדיק נוסח'ל:

— נו! וואָס זשע זאָגט איר? איך דאַרף דאָך מאַכן אַ שטיקל ברויט מיט פוטער פאַר ווייב און קינדער!

— געוויס, געוויס דאַרפט איר! איך זאָג אַלעמאָל אַז איר דאַרפט מאַכן אַ לעבן. אַלע דאַרפן מאַכן אַ לעבן!

בין איך געפאַלן אויף אַ פּלאַן — האָב צונויפגעזאַמלט עטלעכע דאָלאַר צווישן פריינט, און האָב עס אים דערלאַנגט, מיט אַן עצה:

— דאָ האָט איר אַביסל געלט, גייט געזונטערהייט, עפנט זיך אַ שטיקעלע „גראָסערי״, ווי די זאַך זאָל ניט זיין, ברויט מיט פּוטער וועט איר האָבן צו פאַרקויפן, וועט אייך שוין קיין ברויט מיט פּוטער פאַר ווייב און קינדער ניט פעלן.

האָט ער מיר אָנגעווינטשעוועט אייביקעס לעבן, מיר אָפּגעדאַנקט פיין, שיין, און איך טראַכט זיך — גאָט צו דאַנקען, ער וועט שוין האָבן ברויט מיט פּוטער, און וועט שוין מאַכן אַ לעבן . . .

פּונקט צום חודש, ער איז דאָ, און ער האָט צו מיר די אייגענע טענה ווי אַלעמאָל:

— וואָס מיינט איר וויל איך פון אייך — אַן אויטאָ־מאָביל, אַ שאָופער, אַן אייגענע הויז, אַ פּאַלאַץ, דימענטן מיט בריליאַנטן? אסור מיר. איך וויל ניט מער ווי אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער פאַר מיין ווייב און קינדער, דאָס אַלעס און מער גאָרניט!

— גזלן, איר האָט דאָך אַן אייגענע „גראָסערי סטאָר״, איז אייך ווינציק ברויט אין „סטאָר״?

זיפצט ער: — ווער האָט שוין אַ „גראָסערי סטאָר״? די „טשיין־סטאָר״ האָט שוין געעפנט אַ סטאָר די דריטע וואָך, און די „טשיין״ פאַרקויפט ביליגער ווי איך קויף אין „האָלסייל״, היינט ווי קען איך האַלטן אַ „גראָסערי״? איך האָב שוין אויפגעגעסן די „גראָסעריס״, דאָס ברויט מיט דער פּוטער, און צוגעמאַכט די „סטאָר״.

און איך טראַכט מיר: איצטער וועט ער מן הסתם באַלד פאַרענדיקן די מעשה מיט אַ — נו?

וויל איך אים פאַרלויפן דעם וועג, און טראַכט — איך וועל אים בעסער פרעגן — נו — איידער ער זאָל מיך ווידער פרעגן . . .

זענען מיר זיך אָבער ביידע אַריינגעפאַלן אין די רייד אַריין מיט דעם באַקאַנטן „נו?״ — ניט מער, ער האָט צוגעלייגט: „אַן עצה, איר מוזט מיר ווידער גיבן אַן עצה,

איך מוז עפּעס נעמען טאָן, איך מוז מאַכן אַ לעבן, און גיבן ווייב און קינדער אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער".

האָב איך געזען אַז עס איז אַ מעשה אָן אַ סוף, אַז צו וואָס ער נעמט זיך, גייט באַלד אונטער זיין געשעפט, און איך קען פון אים ניט פּטור ווערן — ער איז דאָ צוריק, און דולט מיר אָן אַ ספּאָדיק מיט זיין ווייב און קינדער, מיט דעם שטיקל ברויט מיט פּוטער, און פאַרענדיקט מיט אַ: "נו", און דער "נו" קריכט מיר שוין פון האַלז . . .

בין איך געפאַלן אויף אַ פּלאַן: איך וועל אים דערלאַנגען אַ צעטל מיט פּרנסות, עטלעכע מיטאַמאָל, און זאָל ער זיך גיין געזונטערהייט, און ניט צוריקקומען ביז ער וועט ניט אויספּרובירן אַלע פּרנסות . . .

האָב איך אים אויסגערעכנט אַ גרויסן לאַנגן צעטל, אַלערליי געשעפטן, איז ער אָבער שוין קלוגער געוואָרן, און האָט שוין אויף אַלעס אַ פּאַרטיקן תירוץ: "דראַי גודס" טויג ניט, מענטשן האָבן היינט ניט קיין געלט אויף "דראַי־גודס", טראָגן זיי אַלטע זאַכן.

— אַ קלייט פון אַלטע זאַכן, וואָלט יאָ אפשר געווען אַ גוט געשעפט, נאָר ניט אין אַזאַ ביטער יאָר. וועלכער משוגענער וועט עס גיין פאַרקויפן אַלטע זאַכן? אַז מען פאַרקויפט די אַלטע זאַכן, דאַרף מען דאָך האָבן נייע זאַכן, פאָלג מיך אַ גאַנג . . .

בקיצור, נאָך דעם גאַנצן צעטל פּרנסות, איז ער ערשט געבליבן הייגעגן איבער מיין שרייב־טיש; און אין דער לופטן, פיל איך — אָט, אָט, און ער וועט מיך ווידער אַטאַקירן מיט דעם באַקאַנטן נוסח'ל, און מיט אַ ניגונ'דל:

— נו?

פאַרלויף איך אים דעם וועג און גיב אים אַ זאָג:

— הערט זשע אויס, נאָך איין פּרנסה האָב איך פאַר אייך. נאָר איר זאָלט מיר ניט פאַרלויפן דעם וועג און מיר ניט זאָגן קיין תירוץ, ווייל עס איז די בעסטע פּרנסה, און ווער עס נעמט זיך צו דעם, איז גאָט צו דאַנקען, מען

מאַכט אַ לעבן. איך לאָז אים ניט רעדן, און פאַרענדיק:
— ווערט אַ קברות־מאַן, אַן „אַנדערטייקער“, איר פאַר־שטייט, אַלע שטאַרבן, עס איז נאָר אַ פראַגע, ווער פריער, ווער שפּעטער. אָבער עס איז אַ גוט געשעפט!
טראַכט ער ניט קיין סך, און רופט זיך אָן צו מיר:
— נו?
איז מיך שוין באַפאַלן אַ ניט־גוטקייט פון אים...
— נו, וואָס? — פרעג איך אים — וואָס ווילט איר?
— זייט זשע אַ גוטער און גיט מיר אַ פאָר ריכטיקע מתים, טאַקע שוין באַלד אויפן אָרט, אַז איך זאָל האָבן אַ שטיקל ברויט פאַר ווייב און קינדער!
אַז איך האָב דאָס דערהערט, בין איך אַוועקגעפאַלן אין חלשות.
איידער איך האָב אינגאַנצן צוגעמאַכט די אויגן, האָב איך דערפילט ווי דער ייד נעמט מיך אויסציען אויף דער ערד, און פרייט זיך, ער מיינט אַז איך בין שוין טויט.
— גאָט צו דאַנקען — רעדט ער צו זיך אַליין — גאָט צו דאַנקען, עס איז שוין דאָ דער ערשטער מת. גאָט צו דאַנקען, מען וועט שוין מאַכן אַ לעבן... אַ גאָלדענע ביזנעס „אַנדערטייקער“, קברות־מאַן. די בעסטע גע־שעפטן אין דער וועלט מאַכן די קברות־לייט. — און ער האָט זיך געכאַפּט אָנקלינגען נאָך אַ טויטן־וואָגן.
פאַר שרעק אַז ער זאָל מיך ניט באַגראָבן אַ לעבעדיקן, בין איך אויפגעשפּרונגען און אין איין אויגנבליק אים אַרויסגעוואָרפן פון רעדאַקציע.
פון דעמאָלט אָן קומט דער ייד שוין מער צו מיר ניט. אָבער ער איז געוואָרן אַ קברות־מאַן, און — גאָט צו דאַנקען — ער מאַכט אַ לעבן. ער רעדט שוין מער ניט פון קיין ברויט מיט פּוטער, ער האָט שוין אַן אויטאָמאָ־ביל מיט אַ שאָפער, מיט אַן אייגענער הויז, דימענטן מיט בריליאַנטן — גאָט צו דאַנקען, ער מאַכט אַ לעבן...



# אינהאַלט:

## ערשטער בוך: לידער



בילדער — קאָוונער־גראדסקי

## צווייטער בוך: הומאָר

## פון זעלבן מחבר:

•

מעשה׳לעך פאַר יידישע קינדער — סט. לואיס, מא.

טייבעלעך — לאָס אַנגעלעס, קאַליפ.

געזאַמלטע שריפטן — באָסטאָן, מאַס.

קינדער־יאָרן — ניו יאָרק.

סניטקיוו, מיין שטעטל — ניו יאָרק.

ריטמישע רעציטאַציעס — ניו יאָרק.

איסט בראָדוויי און אַנדערע לידער — ניו יאָרק.

15 לידער צום זינגען.

פילאַ. יידישע אנשטאלטן (געשיכטע) — פילאַדעלפיע.

די סדר־נאַכט (איינאַקטער).

צעריסענע קייטן (גרויסער ראָמאַן) — פילאַדעלפיע.

---

## אין ענגליש:

„סאַוטוועסט דזשורי״, 1 און 2 — לאָס אַנגעלעס, קאַל.

„סאַוטערן דזשורי״ — מעמפיס, טענעסי.

„הו איז הו אין פילאַדעלפיע״ — פילאַדעלפיע.

---

## איצט אין דרוק אין ענגליש:

„לאָס אַנגעלעסער יידישע אנשטאַלטן און זייערע פירער״ — מיט דער מיטאַרבעטערשאַפט פון מארקאָ ר. ניומארק, דר. סעמועל דינין, דר. פיליפּ סימען, אהרן ריטש, דר. רודאלף לופּא, בען סאַלניט, דזשאָסטין טוירנער און אַנדערע. וועט אַרויס פון דרוק סוף 1953.